# אין און ארום
# דעם צווייטן וועלט־קאנגרעס
# פון פוילישע יידן

**16–12 אפריל 1969**
**כ"ד–כ"ח ניסן תשכ"ט**
**תל־אביב**

המביא לבית הדפוס: י. ריטָאוו

ארויסגעגעבן פון דער וועלט־פעדעראציע פון פוילישע יידן תל־אביב

## א י נ ה אַ ל ט:

*

* * *

אין די טעג פון 12—16 אַפּריל 1964 איז אין תל־אביב פֿאָר־געקומען דער צווייטער וועלט־קאָנגרעס פון פּוילישע יידן, אָר־גאַניזירטע אין אַרום דער וועלט־פֿעדעראַציע פון פּוילישע יידן, (דער ערשטער קאָנגרעס איז פֿאָרגעקומען אין תל־אביב, אין די טעג פון 14—18 יאַנואַר 1961).

דער צווייטער קאָנגרעס איז אין אַ סך הינזיכטן דורכגעגאַנגען מיט אַ באַדייטנדן דערפֿאָלג. דאָס איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן, ווי דירעקט דורך מערערע דעלעגאַטן בעת דעם קאָנגרעס און נאָך אים, אַזוי אין שריפֿטלעכע באַריכטן פון די לענדער נאָכן באַקומען לעבעדיקע געטריע אָפּשאַצונגען פון מויל פון די דעלע־גאַטן אויף מאַסן־פֿאַרזאַמלונגען און אינערלעכע זיצונגען.

אויך די פּרעסע האָט ברייטהאַרציק געגעבן פּלאַץ פֿאַר באַ־ריכטן וועגן דעם קאָנגרעס. באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט דער ניו־יאָרקער יידישער „פֿאָרווערטס״, וועלכער האָט פֿאַר־עפֿנטלעכט ניין (9) אַרטיקלען פון זיין שטענדיקן מיטאַרבעטער און דעלעגאַט צום קאָנגרעס י. שמולעוויטש, וועלכער האָט אויס־פֿירלעך באַשריבן די אָפּהאַנדלונגען אויפֿן קאָנגרעס גופא, ווי אויך פֿאַסירונגען, באַגעגענישן, שטימונגען און איינדרוקן אַרום דעם קאָנגרעס און אין ישראל בכלל. — די דאָזיקע אַרטיקלען (מיט אייניקע פֿאַרקירצונגען) שטעלן מיט זיך פֿאָר דעם רוקנביין פון דער דאָזיקער בראָשור. — צוליב מאַנגל אין פּלאַץ האָבן מיר ליידער געמוזט פֿאַרציכטן אויף דער איבערדרוקונג פון אַ סך אַנדערע, אויך וויכטיקע און אינטערעסאַנטע, אַרטיקלען אין פֿאַרשיידענע צייטונגען.

גלייך ווי יעדער אַנדער צוזאַמענקונפט פון פּוילישע יידן אין דער תקופה פון נאָך דער שואה און אַפילו מער, איז דער קאָנג־רעס געווען איינגעהילט און דורכגעזאַפּט מיט טרויער און ווייז־טאָג, באַזונדער אין זיינע גרויסע מאָמענטן, ווי אויך אין דעם דער־

עפענונגס־אָוונט, אויף דער גרויסער פייערלעכער פּילטויזנט־קעפּי־קער פאַרזאַמלונג אין דעם גרעסטן זאַל פון תּל־אביב — „היכל התרבות״, בעת דער מאַסן־אזכּרה ביי דער טרעבלינקע־מצבה אויפן תּל־אביבער בית־עולם און אַנדערע אזכּרות מיט דער באַטייליקונג פון די קאָנגרעס־דעלעגאַטן, ביים שלוש פונעם קאָנגרעס און אַנדערע אימפּרעזעס אין פאַרלויף פון דער קאָנ־גרעס־וואָך.

דער קאָנגרעס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דער באַטיילי־קונג פון דעלעגטן פון אַ סך לענדער (14), ווי אויך מיט דער באַטייליקונג פון פּראָמינענטע געלערנטע — אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָרן און אַנדערע — וועמענס רעפעראַטן זענען געשטאַ־נען אויף אַ הויכער מדרגה און האָבן אַ סך בייגעטראָגן צום גלאַנץ פונעם קאָנגרעס.

דער קאָנגרעס האָט באַהאַנדלט ברענענדיקע פּראָבלעמען פונעם יידישן פאָלק און מדינת ישראל, באַזונדערס אויף וויפל זיי זענען ספּעציפיש פאַרבונדן מיטן פּוילישן יידנטום.

אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט און זאָרג האָט דער קאָנ־גרעס אַרויסגעוויזן פאַר דער אינערלעכער אַקטועלער פראַגע פון אויסבויען דעם „בית יהדות פּולין״, וועלכער איז פּראָיעק־טירט אַלס צענטראַלער לעבעדיקער מאָנומענט פאַרן אומגע־בראַכטן פּוילישן יידנטום — זיין לעבן, שאַפונג, טרוימען, קאַמף און שרעקלעכסטע ליידן.

דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען רעזאָלוציעס איבער אַלע פונקטן פון זיין סדר־היום, און אין זייערע אַקטועלע טיילן וועלן זיי רעאַליזירט דורך די אָפּטיילונגען פון דער „וועלט־פעדעראַציע פון פּוילישע יידן״ אין די לענדער.

די דאָזיקע בראָשור דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַ מין הקדמה צו דעם אויספירלעכן קאָנגרעס־באַריכט, וועלכער ווע̄ט אין קורצן דערשיינען אין דרוק.

**אינזש. אַנשל רייס**

# נאָך דעם צווייטן קאָנגרעס
# פון דער וועלט־פעדעראַציע

לאָמיר זיך זאָגן אָפן: דער קאָנגרעס האָט איבערגעשטיגן אונדזערע דערוואַרטונגען. ער איז געווען מער געלונגען פון דעם ערשטן קאָנגרעס מיט 8 יאָר צוריק, סיי אין דער באַטייליקונג פון דעלעגאַטן, סיי אין דעם אינהאַלט, און בעיקר מיט דעם אָפּקלאַנג, וועלכן ער האָט געהאַט אין דער יידישער פּרעסע, ווי אין ארץ ישראל, אַזוי אין אויסלאַנד, און דעם רושם מיט וועלכן די דעלעגאַטן זענען צוריק אַרויסגעפאָרן אין זייערע לענדער.

אין קעגנזאַץ צום געוויינלעכן גאַנג פון קאָנגרעס, האָבן מיר דאָס מאָל געהערט פון די דעלעגאַטן נאָר שבחים פאַר די אָרגאַניזאַטאָרן פונעם קאָנגרעס.

דער קאָנגרעס האָט געגעבן די דעלעגאַטן און די געסט אַ גאָר גוטע מעגלעכקייט זיך מתייחד צו זיין מיטן זכר פונעם אומקום און פון די קדושים. די פייערלעכע דערעפענונג פונעם קאָנגרעס; די עצרת־זכרון אינעם יער־הקדושים, די הזכרה ביי דער מצבה פאַר די אומגעקומענע אין טרעבלינקע, די באַטייליקונג אין אזכרות פון „יד ושם", האָבן געשאַפן אַ טיפע נשמה־קאָנצענטראַציע מיטן זכרון פון דעם פאַרשניטענעם יידישן פאָלק, מיט די 3 מיליאָן פוילישע יידן — אַ נשמה דערהויבונג, וואָס זיי האָבן קיינמאָל נישט איבערגעלעבט אין די לענדער, פון וועלכע זיי זענען געקומען.

דער קאָנגרעס האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט די פאָרשטייער פון די פאַרבאַנדן, דורכצופירן אַן ערנסטן מיינונגס־אויסטויש, — צומאָל האָט דאָס געקלונגען ווי אַ וידוי, — וועגן דער געזעלשאַפטלעכער לאַגע פון די יידן, פאַרשפּרייטע איבער דער וועלט, וועגן די סכנות פון נאַציאָנאַלער אָפּפרעמדונג פון דעם יונגן דור, וועגן די גייסטיקע מחיצות, וואָס שאַפן זיך צווישן טאַטע־מאַמע און קינדער.

די גייסטרייכע וויסנשאַפטלעכע רעפעראַטן פון די פּראָפעסאָרן ה. בן־ששון, ד. סדן, א. טאַרטאַקאָווער, ווי אויך די פאָרטראַגן פון יעקב צור, מי־ניסטער משה קול, ד״ר מ. י. בידערמאַן און אַנדערע, האָבן געשאַפן דעם גוייטיקן יסוד פאַרן באַטראַכטן די אויפגאַבן פון דער וועלט־פעדעראַציע און דעם חוב פון די פוילישע יידן צו טאָן אַלץ פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון די אויפגאַבן.

מען איז באַרעכטיקט צו זאָגן, אַז פונדאַסניי האָט זיך דערוועקט דער הייליקער פלאַם אין די נשמות פון די דעלעגאַטן און געסט — צום ווילן און דער פאַרשטענדעניש פאַר דער היסטאָרישער אויפגאַבע פון דער שארית הפליטה פון פוילישן יידנטום: צו טאָן אַלץ וואָס איז מעגלעך כדי צו פאַראייביקן דעם הייליקן זכרון פון די קרבנות פונעם אומקום, גלייך ווי די רייכע גייסטיקע ירושה פונעם פוילישן יידנטום.

אין ליכט פון דעם חוב און פון די אויפגאַבן האָט אַדורכגענומען די דעלעגאַטן טיף דער געדאַנק פון „בית יהדות פולין״, וואָס וועט דינען, ראשית כל, די אויפגאַבן פון פאַראייביקונג. דאָ וועט געזאָרגט ווערן פאַרן פאַראייביקן דעם זכרון פון די חרוב געוואָרענע קהילות פון די יידישע ישובים אין פוילן, פון די אומגעקומענע קרבנות. דאָ וועט איינגעזאַמלט ווערן די דאָקומענטאַציע וואָס האָט אַ שייכות צום לעבן, שאַפן און קאַמף פאַר רעכט און קיום פון די יידן אין פוילן; דאָ וועלן איינגעזאַמלט ווערן די גייסטיקע שאַפונגען פון פוילישע יידן. דאָס אַלץ וועט דינען פאַר אויס־פאָרשן אַלע דערשיינונגען אינעם לעבן פונעם פוילישן יידנטום, כדי צו דערמעגלעכן צוצוגרייטן אַ פונדאַמענטאַלע, אַלזייטיקע געשיכטע פונעם פוילישן יידנטום.

דער „בית יהדות פולין״ — אַ לעבעדיקער מאָנומענט פאַר דער גרויסער גלאָרייכער געשיכטע פונעם פוילישן יידנטום, זיין פאַרגאַנגענ־הייט, פאַרדינסטן און היסטאָרישער גרויסקייט — וועט אויך דינען אַלס אַ געזעלשאַפטלעכער צענטער פאַר די לאַנדסמאַנשאַפטן.

דער גאַנצער קאָנגרעס האָט אויסגעדריקט זיין פולע אידענטיפיקאַציע מיט די דאָזיקע אויפגאַבן און אין אַ טיפער באַגייסטערונג איז אויסגעדרוקט געוואָרן דער אַנטשיידענער ווילן, די אויפגאַבן צו פאַרווירקלעכן.

ס׳איז זיכער כדאי אָנצוווייזן, אַז דער נשיא פון מדינת ישראל, וועל־כער האָט איינגעלאַדן די דעלעגאַטן צו אַ קבלת פנים אין זיין הויז, האָט זיי דאָן אויך דערמאָנט וועגן דער וויכטיקייט צו ווירקן פאַר דער פאַר־אייביקונג פונעם זכר פונעם פוילישן יידנטום.

ס׳איז אויך צו באַגריסן דעם פאַקט, אַז דער קאָנגרעס האָט גע־שענקט זיין אויפמערקזאַמקייט דעם פּראָבלעם, ווי צו דערנענטערן דעם יונגן דור צו דער געשיכטע פונעם פוילישן יידנטום, אים צו פאַראינטע־רעסירן און פאַרבינדן מיט די אויפגאַבן פון פאַראייביקונג. ס׳איז אָנגע־וויזן געוואָרן אויף דער דרינגענדער נויטווענדיקייט צו געפינען די וועגן פאַר באַאיינפלוסן דעם „דור ההמשך" און אזוי אַרום אָנטקעגנווירקן דער דינאַמישער אַסימילאַציע, וואָס גייט פאָר אין דעם יידישן לעבן און צו פאַרשטאַרקן די כוחות פאַר וועקן און באַפעסטיקן דעם נאַציאָנאַלן באַ־וווסטזיין.

גלייך אַזוי איז אויך צו באַגריסן דעם ווילן, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אויף דעם קאָנגרעס, פאַר מער אינטערעס, מער אידענטיפי־קאַציע מיט דער יידישער מדינה, מיט ישראל אַז די וועלט־פעדעראַציע זאָל נעמען אויף זיך די אויפגאַבע צו העלפן אָרגאַניזירן אָפּטע באַזוכן אין ישראל פון דערוואַקסענע, פון יוגנט און פון קינדער — פון פוילישע יידן; צו וועקן דעם באַוווסטזיין צווישן די יידן איבער גאָר דער וועלט, אַז ישראל איז אַ בשותפותדיקער בניין פונעם גאַנצן יידישן פאָלק.

די רעזאָלוציעס, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן ביים קאָנגרעס, לייגן אַרויף אויף אונדז גרויסע אחריות און התחייבותן. ס׳פאָדערן זיך גרויסע אָנשטרענגונגען, כדי צו קאָנען זיי דערפילן. דאָס קען אָבער געשען נאָר דאַן, אויב אַלע פוילישע יידן, אַלע לאַנדפאַרבאַנדן, וועלן מיט דער פולער פאַרשטענדעניש און מיטן גויטיקן ערנסטן ווילן, זיין גרייט זיך צו באַ־טייליקן אין דער אָנשטרענגונג; אויב זיי וועלן זען אין דער אָנשטרענגונג זייער ביישטייער פאַרן דערפילן די דערמאָנטע אויפגאַבן. מיר גלויבן, אַז דער קאָנגרעס האָט באַוויזן צו שטאַרקן דעם דאָזיקן באַוווסטזיין און צו וועקן פונדאָסניי באַגייסטערונג פאַר דעם טאַט.

י. שמולעוויטש

# פוילישע יידן איבער דער וועלט

I

מיין איצטיקער באַזוך, דער זיבעטער, אין מדינת ישראל, האָט געדויערט צוויי וואָכן, פול מיט פאַסירונגען און אונטערנעמונגען אין פאַרבינדונג מיט יידיש־נאַציאָנאַלע טרויעריקע און פריידיקע דאַטעס, וואָס האָבן אויף מיר געמאַכט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק.

אין מדינת ישראל האָט מען זיך שוין געגרייט צום „יום השואה והגבורה", כ"ז ניסן — וואָס איז באַשטימט געוואָרן דורך דער כנסת, אַלס אַ טאָג ווען יידן אין מדינת ישראל (און פּאַקטיש אין גאַר דער וועלט) ערן דעם אָנדענק פון אונדזערע קדושים, די מאַרטירער־קרבנות פון די נאַציס.

איז כ"ז ניסן אַ טאָג פון אַלגעמיינעם טרויער, וועלכער לייגט זיין טיפן שטעמפּל אויפן גאַנצן לאַנד און לאָזט זיך פילן אין יעדן הויז, אין גאַס, אין הונדערטער ספּעציעלע פאַרזאַמלונגען און צוזאַמענקונפטן, — אומעטום. די ראַדיאָ, פון פאַרטאָג ביז ביינאַכט, ברענגט אומאויפהערלעך טרויער־מוזיק, קלאָג־לידער, שמועסן וועגן חורבן און ד. גל. די גאַנצע פּרעסע איז פול מיט אָפּהאַנדלונגען וועגן דער שואה און — צוגלייך — יידישער גבורה.

אַ וואָך שפּעטער — ד' אייר — פאַלט אויס דער „יום הזכרון לחללי צ"הל". און באַלד צומאָרגנס קומט דער „יום העצמאות". דאָס גאַנצע לאַנד איז אין דעם מעת־לעת אַרומגענומען פון פרייד, פול מיט געזאַנג, טענץ און מוזיק, לעבעדיק און לוסטיק.

און אינצווישן (כ"ד—כ"ח ניסן, 12—16 אַפּריל) איז אין ישראל פאָרגעקומען נאָך אַ פאַסירונג פון וויכטיקער באַדייטונג: דער וועלט־צוזאַמענפאָר (קאָנגרעס) פון פאַרטרעטער פון פוילישע יידן.

דאָס פּוילישע יידנטום, וואָס האָט אַריינגעשריבן ווונדערלעכע, גאָלדענע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק; די מיליאָנען יידן אין פּוילן זיינען דורך די נאַציישע מערדער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַש און ביינער. דאָרט אין פּוילישע שטעט און שטעטלעך, ווו עס האָט געשפּרודלט יידיש שעפעריש לעבן, איז איצט פּוסט און טרויעריק: טויט... אומקום...

אָבער די קליינע צאָל טרייע זין פון פּוילישן יידנטום, וועמען ס'איז געלונגען זיך אַרויסצורייסן פון דעם מבול פון פייער און פאַרניכטונג, טראָגן ווייטער מיט זיך דעם יחוס און גייסט פון פּוילישן יידנטום. זיי האָבן די הייליקע ירושה פאַרפלאַנצט און האַלטן זי אויף אין פאַרשידענע לענדער אין אַלע טיילן וועלט, ווו זיי האָבן אויפגעבויט זייערע נייע היימען.

איצט זיינען דעלעגאַטן פון די דאָזיקע פּוילישע יידן געקומען צום קאָנגרעס אין מדינת ישראל. דאָ האָט מען אויפגעלעבט דעם זכרון פון פאַרגאַנגענהייט, באַהאַנדלט פּראָבלעמען פון דער קעגנוואַרט און פּלאַנירט וואָס צו טאָן ווייטער, אַז די דערהויבענע ווערטן פון פּוילישן יידנטום זאָל אָפּגעהיט ווערן אויף שטענדיק.

ביי דעם קאָנגרעס, וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן פון דער „וועלט־פעדעראַציע פון פּוילישע יידן", וועמענס הויפּט־עקזעקוטיווע איז אין מדינת ישראל, זיינען אויך געהערט געוואָרן וויכטיקע און אינטערעסאַנטע באַריכטן פון די דעלעגאַטן פון פאַרשידענע לענדער. דאָס האָט אַרויסגע־בראַכט אַן אַלזייטיק בילד וועגן לעבן, שאַפונגען, אַקטיוויטעטן און פּראָב־לעמען פון פּוילישע יידן, אין זייער צעשפּרייטקייט אין פאַרשידענע טיילן וועלט.

II

אין דעם קאָנגרעס האָבן זיך באַטייליקט 150 דעלעגאַטן פון 14 לענ־דער. די וויכטיקייט פון דעם גרויסן צוזאַמענקונפט איז געקומען צום אויסדרוק אין פאַרשידענע דערהויבענע מאָמענטן.

ביי פּוילישע יידן, וועלכע האָבן אין פאַרשידענע צייטן פאַרלאָזט זייער אַלטע היים און זיי זיינען איצט צעשפּרייט אין אַלע טיילן וועלט, האָט זיך לעצטנס זייער פאַרשטאַרקט די נאָסטאַלגיע נאָכן גרויסן עבר. די בלוטיקע אומפאַרהיילבאַרע וווּנד פון דעם חורבן פון פּוילישן יידנטום

אין די גרויליקע היטלער־יאָרן, האָט זיך לעצטנס פונדאָסניי פאַנאַנדער־געשמערצט. די דירעקטע סיבה איז — די דראַסטיש־פאַרשאַרפטע פּאָליטיק מצד די קאָמוניסטישע הערשער אין באַצוג צו די עטלעכע טויזנט פאַר־בליבענע יידן אין פּוילן. דאָרטן שפּילט זיך אָפּ אַן אָפענע אַנטיסעמיטישע וואַקכאַנאַליע, אַ וויסטע פּאָגראָם־העצע קעגן יידן בכלל, און מדינת ישראל, בפרט.

די פאַרביטערונג, צער און ווייטאָג פון פּוילישן יידנטום איז ווי גע־הערט געקומען צום אויסדרוק אין די רייד פון די רעפערענטן, ווי אויך פון די פאַרטרעטער פון פאַרשידענע לענדער, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דעם קאָנגרעס.

זיין וויכטיקייט באַשטייט, צווישן אַנדערע, אויך אין זיין צוזאַמענשטעל, וואָס איז באַשטאַנען פון האַרציקע פאָלקס־מענטשן, יידישע שרייבער, קולטור־טוער, היסטאָריקער, קינסטלער, פאָרשער א.א.וו. צווישן די דע־לעגאַטן זענען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן פאַרלאָזט פּוילן פאַר דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה, און די וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון היטלער־גיהנום.

און אַלע האָבן גערעדט איין „שפּראַך”, אַזוי אין זין פון וואַרעמקייט, משפּחהדיקייט, היימישקייט, ווי עס איז דער שטייגער שטענדיק און אומעטום ביי פּוילישע יידן.

די דעלעגאַטן וואָס האָבן פאַרטראַטן אַרטיקע אָפּטיילונגען — פאַר־באַנדן פון דער „וועלט־פעדעראַציע פון פּוילישן יידן”, זיינען געקומען פון אויסטראַליע, אַמעריקע, אורוגוואַי, אַרגענטינע, בעלגיע, פראַנקרייך, ענגלאַנד, עסטרייך, בראַזיל, דייטשלאַנד, טשילע, קאַנאַדע און שוועדן. אין קאָנגרעס האָבן זיך נאַטירלעך אויך באַטייליקט פיל יידן פון מדינת ישראל גופא, פאַרטרעטנדיק פאַרשידענע לאַנדסמאַנשאַפטן אָפּשטאַמיקע פון פּוילן.

אין דער „וועלט־פעדעראַציע פון פּוילישע יידן”, וואָס דאָס זיץ־פּלאַץ פון איר הויפּט־לייטונג איז אין מדינת־ישראל, פאַרנעמען די פּוילישע לאַנדסמאַנשאַפטן אַ גאָר באַזונדערן, בולטן אָרט, וואָס האָט נישט קיין גלייכן אין אַנדערע לענדער. דאָס איז אויך דערפאַר, וואָס אין דער פירער־

שאַפט פון דער וועלט־פעדעראַציע זיצן אויסגעפּרוּווטע דערפאַרענע טוער, טרייע פּוילישע יידן.

אין ישראל לעבן איצט העכער 400 טויזנט פּוילישע יידן. זיי זיינען אָרגאַניזירט אין קנאַפּע 200 לאַנדסמאַנשאַפטן און סאָסייעטי־אָרגאַניזאַציעס, וואָס אין זייער מערהייט זענען זיי פאַרבונדן מיט דער ישראל־אָפּטיילונג פון דער „וועלט־פעדעראַציע פון פּוילישע יידן״, וואָס האָט אַן אייגענעם גרויסן לאָקאַל (158 דיזענגאָף גאַס) אין צענטער פון תל־אביב. דאָרט איז טאַקע אויך פאָרגעקומען דער קאָנגרעס.

די לאַנדסמאַנשאַפטן אין ישראל, דורך זייערע אָרגאַניזאַציעס און אין פאַרבינדונג מיט דער וועלט־פעדעראַציע, פירן פאַרשידענע וויכטיקע אַקטיוויטעטן צווישן זיך און פאַר זיך, און איבערהויפּט: הילף פאַר נייע עולים־לאַנדסלייט; קעגנזייטיקע הילף פאַר מיטגלידער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט; דאָס אַרויסגעבן יזכור־ביכער; דאָס אָפּהאַלטן יאָרצייט־פאַרזאַמלונגען צום אָנדענק פון דער פאַרניכטעטער קהילה א.א.וו.

די פּוילישע יידן אין ישראל האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אין לאַנדסמאַנשאַפטן שוין אין יאָר 1924, אין די צייטן פון דער פערטער עליה, ווען יידן זענען אַוועק פון פּוילן צוליב דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע אונטער גראַבסקי׳ן. נאָכדעם האָבן פּוילישע יידן געגרינדעט די „התאחדות עולי פולין״.

פאַר די דעלעגאַטן וועלכע זיינען געקומען פון פאַרשידענע לענדער, איז דער וועלט־צוזאַמענפאָר אין תל־אביב געווען אַ גרויסע אומפאַרגעסלעכע איבערלעבעניש. ערשטנס, איז מען געווען מיט און צווישן אייגענע לאַנדסלייט, פון פאַרשידענע טיילן וועלט, צוזאַמען — אין דעם יידישן היימלאַנד. צווייטנס, האָט מען געהערט וויכטיקע באַריכטן און רעפעראַטן פון פראָמינענטע פירער און געלערנטע אין מדינת ישראל. אויסער די דירעקטע פירער פון דער „פעדעראַציע״ האָבן געלאָזט הערן זייער וואָרט: אַרבעט־מיניסטער יוסף אלמוגי; מיניסטער פאַר טוריסטיק און אַנטוויקלונג משה קול; דער פּרעזידענט פון תל־אביבער שטאָט־ראַט יהושע ראַבינאָוויטש; פאָרזיצער פון קרן־קיימת יעקב צור; די גרויסע

געלערנטע, פּראָפעסאָרן פון אוניווערסיטעט אין ירושלים ה. ה. בן־ששון, דב סדן, אריה טאַרטאַקאָווער און אַנדערע.

ביז גאָר רירנד איז געווען די אויפנאַמע פון די דעלעגאַטן ביים מלוכה־פּרעזידענט זלמן שזר אין ירושלים. אויך דאָ האָט זיך געפילט אַ נאָענטקייט און היימישקייט, ווי אין אַ טרייער גרויסער משפחה. די דעלעגאַטן האָבן אויך באַזוכט וויכטיקע פּלעצער אין מדינת ישראל. זיי האָבן אין זיך איינגעזאַפּט די גרויסקייט, שיינקייט און אימפּעט פון אומ־אויפהערלעכן בוי און שאַפונג פון דער יידישער מדינה, וואָס גייט אָן, בישט געקוקט אויף אַלע געפאַרן מצד די אַראַבישע שונאים, וועלכע ווערן כסדר געשטיצט און באַוואָפנט פון זייערע סאָוויעטיש־קאָמוניסטישע „ברידער".

III

די געשיכטע פון יידן אין פּוילן ציילט קנאַפּע טויזנט יאָר און דער גייסט פון פּוילישן יידנטום און זיין יחוס זיינען איצט אויסגעשפּרייט אין אַלע טיילן וועלט. אומעטום, ווו עס זיינען דאָ יידישע ישובים, געפינען זיך צווישן זיי פּוילישע יידן. און אומעטום, ווו עס ווערן אָנגעפירט אַקטיווי־טעטן אין יידיש פאָלקסטימלעכן גייסט, פאַרנעמען דעם אויבן־אָן יידן אָפּשטאַמיקע פון פּוילן.

איך בין געזעסן ביי פאַרשידענע זיצונגען פון קאָנגרעס, צוגעהערט זיך צו די דעבאַטעס און פאַרהאַנדלונגען, צו די באַריכטן פון די דעלע־גאַטן, און געשמועסט מיט פיל פון זיי. עס האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט אַן אַלזייטיק בילד פון איצטיקן לעבן פון פּוילישע יידן אין זייער צע־שפּרייטקייט, יידן וועלכע טראָגן מיט זיך ווייטער די גרויסע גייסטיקע ירושה, וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגענומען פון פּוילן.

* * *

דער נייער שפּרודלדיקער און פאַרצווייגטער ישוב אין פּוילן, דער וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויך אויף יידן אין אַנדערע לענדער, האָט זיך אויסגעבילדעט ערשט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין סוף 1918, ווען פּוילן איז געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקע און אומאָפּהענגיקע מלוכה. בלויז צוואָנציק קורצע יאָרן, פון נאָכן סוף פון דער ערשטער

וועלט־מלחמה ביז סעפטעמבער 1939, ביים אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט עקזיסטירט דער נייער רומפולער יידישער ישוב אין פוילן.

אין דער געשיכטע פון אַ לאַנד, אַ פאָלק און אַ ישוב, איז דאָס אַ קורצע צייט. אָבער נישט געקוקט אויף דעם, איז דער וווקס פון יידישן ישוב אין פוילן געווען אַ ריזיקער. די אויסשפּרייטונג דאָרטן אויף אַלע געביטן, דער וווקס פון יידישן לעבן און פון יידישקייט אין פוילן איז געווען אַזוי גרויס, אַז עס האָט נישט געהאַט צו זיך קיין גלייכן.

פאַרוואָס איז דער דאָזיקער יידישער ישוב אין פוילן, וועלכער איז אַלט געווען בלויז צוואָנציק יאָר, געווען אַזאַ דינאַמישער? פאַרוואָס איז דאָס געווען דער גרעסטער יידיש־פּאָליטישער, קולטורעלער, נאַציאָנאַלער, רעליגיעזער און וועלטלעכער צענטער ביי יידן? און פאַרוואָס האָט דער יידישער ישוב אין פוילן, אַזוי קורץ אין זיין עקזיסטענץ, געהאַט אַזאַ גרויסע ווירקונג אויף יידן אומעטום?

ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ביז זומער 1914, איז דער אַקטיווער גייסטיקער צענטער פון אייראָפּעישן יידנטום געווען אין צאַרישן רוסלאַנד. פון דאָרטן שטאַמען כמעט אַלע ווערטן, וועלכע מיר פאַרמאָגן איצט אין דער יידישער וועלט. הויפּטזעכלעך פון רוסלאַנד זיינען אַרויסגעקומען די פאַרשידענע יידישע אידעאָלן און פּאָליטישע פאַרטייען, די יידישע ליטעראַטור און פּרעסע, חסידיזם און, בכלל, דאָס יידישע רעליגיעזע לעבן, דערציונג און אַלץ איבעריקע.

אָבער נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1917, איז געקומען די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע. דאָס גרויסע און גייסטיק־רייכע רוסישע יידנטום איז אָפּגעשניטן געוואָרן פון יידישן וועלט־פאָלק, און די גרויסע נאַציאָנאַלע אחריות, וואָס עס האָט פריער געטראָגן דאָס רוסישע יידנטום, איז נאָך דער וועלט־מלחמה איבערגענומען געוואָרן פון פוילישן יידנטום.

* * *

דער יידישער ישוב אין אומאָפּהענגיקן פוילן איז שוין דעמאָלט, גלייך ביים אָנהויב, געוואָרן דער גרעסטער יידישער צענטער און שעפע־רישסטער כוח אין אייראָפּע און אין גאַר דער וועלט.

אגב, ווען מען רעדט וועגן יידן אין פוילן, פון נאָך דער ערשטער ביזן אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, מיינט דאָס אויך מזרח און מערב־גאַליציע, וואָלין, פּאָלעסיע, אויבערשלעזיע און אַנדערע טיילן, וואָס זיינען געווען איינגעשלאָסן אין דעם אומאָפּהענגיקן פוילן.

„דער גרויסער נס פאַרן יידישן פאָלק, און אויך פאַר ארץ־ישראל און מדינת ישראל", האָט אויפן קאָנגרעס געזאָגט דער מיניסטער קול, „איז וואָס די סאָוועטן־מאַכט האָט זיך מיט העכער פופציק יאָר צוריק פאַרהאַלטן ביי די גרענעצן פון אומאָפּהענגיקן פוילן. וואָלטן די סאָוועטן געגאַנגען ווייטער, וואָלטן זיי דעמאָלט אַריין טיפער אין פוילן, וואָלטן מיר פאַרלוירן דעם שפּעריסטן טייל פון יידישן פאָלק".

אָבער היטלער האָט אַלץ פאַרניכטעט. נישט בלויז זענען אומגעבראַכט געוואָרן העכער דריי מיליאָן יידן אין פוילן, נישט בלויז האָבן די נאַציס און זייערע מיטהעלפער אָפּגעווישט דאָס אַרטיקע יידישע לעבן, נאָר פוילן איז אויך געוואָרן דער בית־עולם און יאָמער־טאָל פון דעם כמעט גאַנצן אייראָפּעישן יידנטום.

אַהינצו, קיין פוילן, זיינען פאַרטריבן געוואָרן יידן פון אַלע טיילן אייראָפּע. אין פוילן זיינען געווען היטלערס גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס, דאָרטן זיינען פאַרשטיקט, פאַרברענט, פאַרפּייניקט און אויסגעמאָרדעט געוואָרן די מערסטע פון אונדזערע זעקס מיליאָן קדושים און מאַרטירער.

נאָך דער גרויזאַמער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זיך אין פוילן ווידער צונויפגעקלעפּט אַ ישוב פון בערך 200 טויזנט יידן, על פּי נס געראַטעוועטע פון היטלער־גיהינום און פון סטאַלינס קאָנצענטראַציע־לאַגערן. זיי האָבן גערעכנט צו בויען אויף די חורבות אַ נייעם יידישן לעבן, אַ מין מיניאַטור־ישוב.

* * *

אָבער דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן אילוזיע. אין פוילן האָט שוין דעמאָלט, מיט 24 יאָר צוריק, געבושעוועט דער פאַרביסענער אַנטי־

סעמיטיזם. אויך די הערשער פון „סאָציאַליסטישן“ פּוילן האָבן געהאַלטן פאַר בעסער, אַז יידן זאָלן פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

די מערסטע יידן זיינען טאַקע דעמאָלט און אויך שפּעטער אַוועק פון פּוילן. מען האָט נישט געוואָלט וואַרטן ביז עס וועט זיין צו שפּעט.ביים איצטיקן קאָנגרעס פון פּוילישע יידן איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן, אַז אין די יאָרן 1945 ביז 1964 זענען פון פּוילן אַרויסגעפאָרן 180 טויזנט יידן. 140 טויזנט פון זיי האָבן זיך באַזעצט אין ישראל. דאָך אָבער זיינען אַרום 25 טויזנט יידן ווייטער פאַרבליבן אין פּוילן. הויפּטזעכלעך זיינען דאָס געווען קאָמוניסטן און אַנדערע, וועלכע האָבן זיך איינגערעדט און געהאַט די אילוזיע, אַז זיי וועלן קענען אָנגיין מיט אַ יידיש לעבן. דאָס האָבן אָבער נישט געוואָלט פאַרטראָגן די קאָמוניסטיש־אַנטיסעמיטישע הערשער.

מיט זייער גאַנצער ברוטאַלקייט, וואָס אַזעלכעס האָבן נישט געוואַגט צו טאָן אַפילו די גרעסטע יידן־פרעסער אין פאַר־מלחמהדיקן פּוילן, פאַר־טריבן איצט די קאָמוניסטישע הערשער די לעצטע יידן פון פּוילן. עס ווערט אָפּגעווישט, געשענדעט און באַשמוצט מיט בילבולים דאָס דער־הויבענע קאַפּיטל פון פּוילישן יידנטום, אַריינגערעכנט אונדזערע קדושים און מאַרטירער.

די דעלעגאַטן, פּוילישע יידן פון פאַרשידענע לענדער, וועלכע זיינען געקומען צום איצטיקן צוזאַמענפאָר קיין ישראל, האָבן וועגן דעם געלאָזט הערן זייער צאָרן און ווייטאָג. עס איז אויסגעדריקט געוואָרן אַ שאַרפער פּראָטעסט קעגן די הערשער פון פּוילן.

אויפן וועלט־צוזאַמענפאָר האָט מען אויך אויסגעדריקט פאַרוווּנ־דערונג און דערשיטערונג פון דעם פאַקט, וואָס אין איצטיקן פּוילן געפינט זיך נישט קיין איין פּראָמינענטע פּערזענלעכקייט, קיין איין אינטעלעקטואַל, וואָס זאָל עפנטלעך אַרויסקומען מיט אַ מוטיקער שטימע קעגן דער אַנטי־סעמיטישער וואַקכאַנאַליע אין פּוילן און קעגן די העצעס און בילבולים פון די קאָמוניסטישע הערשער אויפן אַדרעס פון מדינת ישראל.

## IV

דער קאָנגרעס איז דערעפנט געוואָרן מוצאי שבת, דעם 12 אַפּריל, אין דעם אייגענעם הויז פון דער צענטראַלע פון דער „וועלט־פעדעראַציע פון פוילישע יידן".

עס האָבן זיך באַטייליקט דעלעגאַטן פון ישראל און פון אַנדערע לענ־דער ווי אויך מערערע געסט פון ישראל און פון אויסלאַנד. עס האָבן זיך געטראָפן אַלטע פריינד און עס האָבן זיך דערביי אָפּגעשפּילט, ווי דער שטייגער איז, דראַמאַטישע סצענעס.

מען האָט געזען אַמאָליקע שניידער פון בזשעזשין, שוסטער פון זשע־לעכאָוו, וועבער פון לאָדזש און ביאַליסטאָק, קליינהענדלער פון וואַרשע, האַנטווערקער פון קאַליש, אַקאַדעמיקער פון קראָקע — יידן פון אַלע שיכטן און קרייזן פון פאַרמלחמהדיקן פוילן. איצט זיינען אָט די פוילישע יידן צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, אַריינגערעכנט, פאַרשטייט זיך, מדינת ישראל.

די ערשטע זיצונג פון קאָנגרעס, שבת אָוונט, האָט געעפנט און גע־פירט אַנשל רייס, פאָרזיצער פון פּרעזידיום פון דער „וועלט־פעדעראַציע פון פוילישע יידן", דער טרייער פירער פון פוילישע יידן אין זייער צע־שפּרייטקייט. עס זענען געהערט געוואָרן פאָלגנדע רעפעראַטן: דוד ספאַרד, „די לאַגע פון די יידן אין פוילן"; ד"ר מ. באָרוויטש (פּאַריז), די פוילישע רעגירונג, די יידן און מדינת ישראל"; סטעפאַן גראַיעק, „דאָס פאַר־אייביקן דעם זכר פונעם פוילישן יידנטום"; אדוו. צבי קלעמענטינאָווסקי, „דאָס הויז פון פוילישן יידנטום" אין ישראל.

לאָמיר, אגב, דאָ דערציילן פאָלגנדעס: צווישן די יידן, וועלכע האָבן לעצטנס פאַרלאָזט פוילן און געקומען קיין ישראל, ווו זיי בויען זייערע נייע היימען, זענען אויך דאָ אַ צאָל געוועזענע אַקטיווע יידישע קאָמוניסטן, צווישן זיי — שרייבער, קינסטלער, קולטור־טוער און ענלעכע.

זיי ווערן וואַרעם אויפגענומען און גלייך איינגעאָרדנט אויף אַ גוטן אופן, מיט באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט. זיי באַקומען פיינע וווינונגען, פּאַסיקע שטעלעס מיט אַ גוטן געהאַלט און אַנדערע פאַרלייכטערונגען, העלפן זיי איינצוגלידערן זיך אין לעבן פון לאַנד.

דאָס אַלץ רופט ארויס אַ ביסל קינאה ביי אַנדערע יידישע שרייבער און קולטור־טוער, וואָס שטאַמען פון פוילן. פאַרוואָס — פרעגן זיי — ווערן יידישע קאָמוניסטישע שרייבער און קולטור־טוער פון פוילן אויפגענומען און איינגעאָרדנט מיט אַזאַ ברייטער האַנט אין ישראל?

ענטפערט מען אין מדינת ישראל: ישראל איז געשאַפן געוואָרן און ווערט געבויט פאַר יעדן ייד. ווער עס קומט זיך באַזעצן אין לאַנד, איז אַן אונדזעריקער. און דאָס גילט אויך לגבי די געוועזענע יידישע קאָמוניסטן פון פוילן, וועלכע זיינען אַזוי מיאוס אָפּגענאַרט און פאַרראַטן געוואָרן פון זייערע פירער און אידעאָלאָגן. מיר האָפן, אַז איצט, אין מדינת ישראל, וועלן זיי זיין גוטע יידן און וועלן נישט דינען פרעמדע געטער...

דער אמת איז, אַז אַלע נייַ געקומענע עולים ווערן איצט, מיט גרויסע אָנשטרענגונגען און באַמיאונגען, ווי געהעריק איינגעאָרדנט. צווישן זיי זיינען דאָ אויך יידישע שרייבער, קולטור־טוער און געזעלשאַפטלעכע טוער פון פאַרשיידענע לענדער, בתוכם פוילן.

צווישן די אריינגעקומענע יידן־שרייבער פון פוילן, ווו זיי זענען געווען באַשעפטיקט אין דער קאָמוניסטישער פרעסע, געפינען זיך: וולאַדיסלאַוו וויגאָדדסקי און אַרטור קאָוואַלסקי („טריבונאַ לודו"), יוסף גאָלדקאָרן („פאָלקס־שטימע"), יאַדוויגאַ נורקעוויטש (פוילישע נייס־אַגענטור „פאַפּ") אַנטאָני גוטקאָווסקי („פּאָליטיקאַ"), משה גאָלדפאַרב (פאַפּ"), קאַראָל יאַפּאַסיקע שטעלעס מיט אַ גוטן געהאַלט און אַנדערע פאַרלייכטערונגען, וואָס וואָרסקי („גלאָס וויבזשעזשאַ"), מיכאל גערשגעל („וויעטשור קאַטאָוויצקי") און אַנדערע.

צום וועלט־קאָנגרעס איז אויך געקומען אַ גרעסערע דעלעגאַציע פון דעם אַמעריקאַנער פאַרבאַנד פון דער וועלט־פעדעראַציע פון פוילישע יידן. די דעלעגאַציע איז אָנגעפירט געוואָרן פון ד"ר מ. י. בידערמאַן און י. זייפע, פאָרזיצער און סעקרעטאַר פון דער אַמעריקאַנער פאַרבאַנד־אָפּטיילונג.

אין זיין אינטערעסאַנטן רעפעראַט, אויף דער טעמע „דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און נעאָ־נאַציזם", האָט ד"ר בידערמאַן אויסגערופן: „ווער האָט זיך געקענט פאָרשטעלן, אַז אַ פערטל יאָרהונדערט נאָכן מורא־

דיקן יידישן חורבן, נאָך היטלערן, וועלן מיר ווייטער דאַרפֿן קעמפֿן קעגן אַנטיסעמיטיזם און נעאָ־נאַציזם אין זייערע פֿאַרשידענע פֿאָרמען? ווער האָט זיך געקענט פֿאָרשטעלן, אַז דער אַנטיסעמיטיזם און פֿינסטערע שנאה צו יידן וועלן אין אונדזער צייט נאָך האָבן אַזאַ קאָלאָסאַלן כוח?"

אין נאָמען פֿון דער אַמעריקאַנער דעלעגאַציע האָט אָפּגעגעבן אַן אַלזייטיקן באַריכט י. זייפֿע. ער האָט געשילדערט דאָס לעבן פֿון פּוילישע יידן אין אַמעריקע און זייער וויכטיקע ראָלע אין דעם אַמעריקאַנער יידישן לעבן. י. זייפֿע האָט אויך אָנגעוויזן אויף דער וויכטיקייט פֿון צוזאַמענאַרבעט פֿון די יידיש־פּוילישע לאַנדסמאַנשאַפֿטן אין אַמעריקע און זייער פֿאַרבינדונג מיט דער „וועלט־פֿעדעראַציע פֿון פּוילישע יידן" אין ניו־יאָרק.

זייער דראַמאַטיש איז געווען דער אַרויסטריט פֿון דעם אַמעריקאַנער דעלעגאַט ה. בורשטיין, אַ געראַטעוועטער פֿון וואַרשעווער געטאָ און פֿון היט־לערס טויט־לאַגערן. רעדנדיק וועגן דעם יידישן חורבן, ווען די גרויסע וועלט איז געווען גלייכגילטיק, האָט ה. בורשטיין, מיט טרערן אין די אויגן, אויסגערופֿן: „און אויך איצט, ווען די פֿינסטערע כוחות פֿון רעכטס און פֿון לינקס גרייטן זיך צו פֿאַרניכטן די יידישע מדינה, איז שטום און טויט די וועלט. איר, יידן אין ישראל, גיט נייע קרבנות, אייערע טייערע קינדער, אייער יוגנט, זיינען געצוווּנגען אָפּצוגעבן זייערע יונגע לעבנס, אַז עס זאָל ביי יידן מער נישט זיין קיין אוישוויץ. פֿרעג איך, אַ געוועזענער קאַצעטלער, אַ געראַטעוועטער וואַרשעווער ייד, פֿאַרוואָס שווייגט די וועלט?"

דער באַוווּסטער געלערנטער, פּראָפֿ. אריה טאַרטאַקאָווער, וועלכער האָט געהאַלטן אַ רעפֿעראַט וועגן דעם מהות פֿון פּוילישן יידנטום און זיין איצטיקן מצב, האָט געפֿרעגט: „וווּ ביסטו געווען, וועלט! וווּ ביסטו געווען, מענטשהייט! פֿאַרוואָס האָט מען דערלאָזט צו אַזאַ שחיטה איבערן יידן פֿאָלק? און וווּ זיינען געווען מיר, יידן?"

שלום („סטעפֿאַן") גראַיעק, איינער פֿון די העלדישע קעמפֿער בעתן אויפֿשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, האָט גערעדט וועגן דעם ווי אַזוי פּוילישע יידן דאַרפֿן פֿאַראייביקן זייערע גרויסע ווערטן אין מדינת ישראל.

„מיר, אין ישראל, לעבן דאָ אין כסדרדיקן געדענקען און דערמאָנען, וואָס די נאַצי־רוצחים האָבן געטאָן צו דעם פּוילישן יידנטום, ביי דער גלייכ־גילטיקייט פון דער וועלט. דער זכר פון יידישן חורבן איז אומאויפהערלעך אין אונדזערע הערצער און מוחות... ווידער קומען צו אונדז פּוילישע יידן — זאָגט גראַיעק — באַשמוצטע און פאַרטריבענע פון ברוטאַלע מאַכט־האָבער, און זיי לעבן פאַר אונדז אויף פונדאַסניי די לאַנגע רומפולע גע־שיכטע פון פּוילישן יידנטום. צום גליק האָבן מיר איצט אַן אייגענע מדינה, ווו מיר קענען ברידערלעך אויפנעמען די וואָגלער און געטריבענע. עס איז נישט ווי אין יענער צייט, בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען אַלע טירן און טויערן זיינען געווען געשלאָסן פאַר די פאַרצווייפל־טע יידן".

פּראָפ. דב סדן, פון דער ירושלימער אוניווערסיטעט האָט מיט טרערן אין די אויגן געזאָגט: „מיר זיינען די לעצטע פּוילישע יידן; מיר זיינען די לעצטע, וועלכע האָבן געקענט דאָס יידישע לעבן אין פּוילן. קיין שום שרייבער, פּאָעטן, קינסטלער, היסטאָריקער און אַנדערע, וואָס זיינען נישט געווען אַ טייל פון יידישן לעבן אין פּוילן, קענען דאָס נישט אַרויסברענגען אין זייערע שאַפונגען. דעריבער דאַרפן מיר, דער לעצטער דור פון פּוילן, וויטער טראָגן און אויפהאַלטן די גרויסע גייסטיקע ירושה פון פּוילנס יידנטום, און דאָס אויך פאַראייביקן אויף שטענדיק".

יעקב צור, געוו. ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין אַרגענטינע און פראַנק־רייך, פאָרזיצער פון קק"ל, האָט אין זיין רעפעראַט אָנגעוויזן, אַז פּוילישע יידן האָבן פונאַנדערגעטראָגן, אויסגעשפּרייט און געבויט אומעטום ווו זיי זיינען געקומען אין דער וועלט, אַ יידיש־נאַציאָנאַלן, רעליגיעזן און קול־טורעלן לעבן, וואָס איז פאַרוואָרצלט געוואָרן אויף שטענדיק. „נישט גע־קוקט אויף דעם — איז געווען זיין אויספיר — וואָס דאָס איז שוין טייל־ווייז אָפּגעשוואַכט געוואָרן, צוליב דער שמאָלער פאַרבינדונג מיט די בייע דורות, דאַרף דער דערהויבענער גייסט פון פּוילישן יידנטום ווייטער אויפ־האַלטן און אָפּגעהיט ווערן, ווי אַ טייערער אוצר".

אומעטום, אין פאַרשידענע לענדער, ווו פוילישע יידן לעבן צווישן פרעמדע פעלקער, קולטורן און שפראַכן, האַלטן זיי ווייטער אויף און ציען דעם גייסטיקן המשך פון אַמאָליקן פוילישן יידנטום. אַזוי אין זייערע היימען, און אַזוי אין געזעלשאַפטלעכן, נאַציאָנאַלן און קולטורעלן לעבן, אין וועלכן זיי זיינען זייער אַקטיוו. פוילישע יידן זיינען אויך צווישן זיך ענג פאַרבונדן, ווי איין גרויסע, טרייע און אומצעררייסבאַרע משפחה.

דאָס אַלץ האָט זיך אויך קלאָר אַנגעזען. און מען האָט דאָס דייטלעך געפילט ביי דעם וועלט־קאָנגרעס, וואָס זיינע דעלעגאַטן האָבן מיט זיך געבראַכט אַ לעבעדיקן גרוס פון הונדערטער טויזנטער פוילישע יידן, וועלכע לעבן אין אַלע טיילן וועלט.

עס דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן, אַז דער איצטיקער קאָנגרעס אין מדינת ישראל איז געווען דער צווייטער. דער ערשטער, וואָס איז אויך פאָרגע־קומען אין מדינת ישראל, איז געווען אין יאָר 1961. ביי יענעם קאָנגרעס איז טאַקע געגרינדעט געוואָרן די „וועלט־פעדעראַציע פון פוילישע יידן".

איינע פון די הויפּט־אויפגאַבן פון דער „וועלט־פעדעראַציע פון פוי־לישע יידן" איז צו פאַרבינדן און איינשטעלן אַ נאָענטן קאָנטאַקט צווישן פוילישע יידן אין אַלע טיילן וועלט. דאָס ווערט געטאָן דורך די פאַר־באַנד־אָפּטיילונגען אין די לענדער.

די פוילישע יידן אין פאַרשידענע לענדער, זיינען אַהינצו געקומען אין אַלע צייטן. פאַראַן אַזעלכע, וועלכע האָבן פאַרלאָזט פוילן נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, און זיי זיינען געווען די יעניקע, וואָס האָבן די ערשטע געבראַכט דעם גייסט פון פוילישן יידנטום צו אַ פרעמדער וועלט. אַזעלכע יידן זיינען אויך געווען פון די ערשטע צו שאַפן לאַנדס־מאַנשאַפטן־אָרגאַניזאַציעס און סאָסייעטיס.

די דאָזיקע יידישע עמיגראַנטן פון פוילן, וועלכע האָבן נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איינגעוואַנדערט אין פאַרשידענע לענדער, זיינען אויך געווען פון די ערשטע צו העלפן בויען און פאַרוואָרצלען אַ יידישן פאָלקס־לעבן אויף די ערטער וווהין זיי זיינען געקומען.

אַזוי איז אויך געווען מיט דער צווייטער גרופּע פּוילישע ייִדן, וועלכע זיינען אַוועק פון זייער היימלאַנד צווישן סוף פון דער ערשטער און פאַרן אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. די דאָזיקע, צוזאַמען מיט די פריערדיקע, האָבן אין פאַרשידענע לענדער נאָך מער אויסגעשפּרייט און פאַרוואָרצלט דעם גייסט פון פּוילישן ייִדנטום.

פון די באַריכטן, וואָס די דעלעגאַטן פון פאַרשידענע לענדער האָבן אָפּגעגעבן אויפן קאָנגרעס, און פון די פּריוואַטע שמועסן, וואָס איך האָב געהאַט מיט אַ היפּשער צאָל דעלעגאַטן, איז צו זען, אַז אומעטום אין ייִדיש־געזעלשאַפטלעכן און קולטור־און־פאָלקס־לעבן, פאַרנעמען איצט פּויל־ישע ייִדן דעם הויפּט־פּלאַץ.

דער גייסט פון פּוילישע ייִדן איז נאָך מער אויסגעברייטערט און פאַר־שטאַרקט געוואָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען אין אַלע לענדער זיינען אַריינגעקומען פּוילישע ייִדן געראַטעוועטע פון היטלער־גיהינום און פון די פאַרשיקונגען אין סאָוועט־רוסלאַנד, ווו זיי זיינען געווען פּליטים אין צייט פון דער מלחמה.

די דאָזיקע ייִדן, זיינען אַ גאָר נייער עלעמענט אין דער פאַרבינדונג און שותפות מיט זייערע לאַנדסלייט, אינעם אויפהאַלטן אומעטום דעם וווּנדערלעכן גייסט פון פאַרשניטענעם פּוילישן ייִדנטום. אין זייער מער־הייט זיינען זיי יונגע מענטשן אָדער אין די מיטעלע יאָרן.

די דאָזיקע געראַטעוועטע ייִדן זיינען איצט אַקטיוו אין פריער־געשאַ־פענע אָרגאַניזאַציעס פון פּוילישע ייִדן, ווי אויך אין אַנדערע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן. אַסאַך פון די דאָזיקע האָבן אויך אויסגעבויט אייגענע אָרגאַ־ניזאַציעס, איבערהויפּט אין ראַמען פון לאַנדסמאַנשאַפטן.

אויפן קאָנגרעס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן אַן אינטערעסאַנטע זאַך: די מערסטע פירער פון ייִדישע פּאָליטישע פּאַרטייען, פון געזעלשאַפט־לעכע, קולטור־און־הילפס־אָרגאַניזאַציעס, אומעטום אין דער וועלט, זיינען פּוילישע ייִדן. אַזעלכע פאַרנעמען איצט אויך אַן אויבן־אָן אין דער ייִדי־שער ליטעראַטור, קונסט, ייִדישע דערציִונג און אַנדערע וויכטיקע געביטן אין ייִדישן לעבן.

אַ דעלעגאַט פון שוועדן האָט דערציילט, אַז פון די 14 טויזנט יידן אין שוועדן זיינען אַ העלפט געקומען נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, און די מערסטע פון זיי זיינען פון פוילן.

פון אָנהויב — האָט ער דערציילט — האָט די „מאָזאַיקאַ״ (קהילה פון אַלט־איינגעזעסענע יידן) נישט געוואָלט אַריינגעמען די פוילישע יידן. אַלס מיטגלידער פון דער קהילה האָבן געקענט זיין נאָר אָפּשטאַמיקע פון אַלטע שוועדיש־יידישע דורות. איצט אָבער באַטרעפן פוילישע יידן אַ העלפט פון די מיטגלידער אין דער קהילה. כמעט אַלע זיינען זיי שווער געליטענע און על־פּי־נס געראַטעוועטע. אָבער איצט העלפן זיי שוין אַנדערע, ניי געקומענע פון פוילן. דער „פאַריין פון פוילישע יידן״ אין שטאָקהאָלם האָט לעצטנס געהאָלפן ברענגען פון פוילן קיין שוועדן 16 יידישע פאַמיליעס, צוזאַמען 39 נפשות, צווישן זיי 16 יוגנטלעכע.

„מיר באַמיען זיך — האָט דער דעלעגאַט צוגעגעבן — צוצובינדן די דאָזיקע יוגנטלעכע צו יידישקייט, פון וואָס זיי זיינען געווען ביז איצט פולשטענדיק אָפּגעפרעמדט אין פוילן. באַזונדערס ווילן מיר אין זיי אַריינברענגען דעם גייסט פון מדינת ישראל, כדי זיי זאָלן עולה זיין קיין ישראל״.

אַ דעלעגאַט פון דער ווייטער מעלבורן, האָט באַריכטעט, אַז מיטן אַריינקומען פון די פוילישע יידן קיין אויסטראַליע, אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט זיך דאָס דאָרטיקע יידישע לעבן פולשטענדיק געענדערט. פריער האָבן אין גאַנץ אויסטראַליע געוווינט בלויז 35 טויזנט יידן, און איצט ציילט דער ישוב דאָרטן קנאַפּע 80 טויזנט.

„מיר האָבן איבערגעטראָגן — האָט ער געזאָגט — אַ שטיק יידיש לעבן פון פוילן צו דער ווייטער אויסטראַלישער ערד. ביי אונדז זיינען דאָ אַלערליי לאַנדסמאַנשאַפטן פון פוילישע יידן. מיר זיינען די ערשטע און אַקטיווסטע אין דעם דאָרטיקן יידיש־פּאָליטישן, נאַציאָנאַלן, געזעלשאַפטלעכן, רעליגיעזן און קולטורעלן לעבן. מיר פאַרשעמען נישט אונדזער גרויסן יחוס״.

די פיל לאַנדסמאַנשאַפטן־אָרגאַניזאַציעס פון פוילישע יידן אין מעל-

בורן גרופירן זיך אַרום אַן אייגענעם גרויסן פֿאָלקס־הויז, ווו עס ווערן אָנגעפירט אַלע אַקטיוויטעטן. עס ווערט אַפילו אַרויסגעגעבן אַן אייגענער זשורנאַל „דער לאַנדסמאַן“, וואָס העלפט נאָך מער צונויפצובינדן די פֿאַר־שיידענע יידן אָפּשטאַמיקע פון פוילן.

פון די פוילישע יידן אין פֿראַנקרייך האָט, צווישן אַנדערע, געבראַכט אַן אינטערעסאַנטן גרוס אַן אָרטאָדאָקסישער רב פון פּאַריז. ער שטאַמט פון אַ קליין שטעטל אין פוילן, און ער האָט דורכגעמאַכט ליידן און פּיין אין לאַדזשער געטאָ.

דער רב — טשאַסקאַלאַ — דערציילט, אַז אין פּאַריז איז דאָ אַ גרויסע און גוטע אָרגאַניזאַציע (פֿעדעראַציע), ווו ס׳זיינען אָנגעשלאָסן און זיינען טעטיק פֿאַרשיידענע לאַנדסמאַנשאַפֿטן פון פוילישע יידן. ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט דער רב צוגעגעבן, זיינען פוילישע יידן געווען היפּש אַרויס־געשטויסן פון דעם אַלגעמיינעם יידישן לעבן אין פּאַריז. אָבער איצט איז גאָר אַנדערש. פוילישע יידן פֿאַרנעמען אומעטום אַן אויבן־אָן, מען רעכנט זיך מיט זייער מיינונג, זיי זיינען אַ וויכטיקער טייל פון יידישן ישוב אין פֿראַנקרייך.

דער בעסטער סימן איז, אַז ער, אַ ייד פון אַ קליין שטעטל אין פוילן, איז איצט רב אין דער פּאַריזער קאָנסיסטואַר־סינאַגאָגע, צוזאַמען מיט אַנדערע רבנים, איינגעזעסענע פֿראַנצויזישע יידן.

דער רב האָט גערופן און געוואָרנט, אַז פוילישע יידן זאָלן טאָן אַלץ, כדי איבערצוגעבן די גרויסע גייסטיקע ווערטן פון פוילישן יידנטום צו די נייע דורות. „מיר זיינען דער לעצטער דור פון אַמאָליקן גרויסן פּוי־לישן יידנטום און אויב מיר וועלן דאָס נישט טאָן, קען אַמאָל אַלץ ווערן פֿאַרלוירן“.

דער רב האָט אויך אַפּעלירט מיט רירנדע ווערטער, אַז עס זאָל ענדלעך איינגעשטעלט ווערן אַ באַשטימטער טאָג אין יאָר, מיט אַן „אייני־הייטלעכן נוסח, צו ערן דעם אָנדיינק פון די מיליאָנען אומגעבראַכטע פּוי־לישע יידן — מאַרטירער, העלדן און קדושים, און נישט יעדער זאָל מאַכן „שבת פֿאַר זיך“.

איך האָב אויך באַגעגנט פוילישע יידן פון עסטרייך און דייטשלאַנד.

וואָס שייך עסטרייך, לעבן דאָרט איצט אין אַלגעמיין אַ צען טויזנט יידן, צווישן זיי אַ קליינע צאָל פּוילישע.

„מיר, די קליינע צאָל פּוילישע יידן אין ווין — האָט צו מיר געזאָגט איינער פון עסטרייך — לעבן אין איינזאַמקייט און בענקשאַפט. מיר האַלטן זיך דעריבער ווי איין טרייע, פאַרטרויערטע משפחה. מיר וועלן אָבער דאָרט נישט בלייבן. דאָס ביסל פּוילישע יידן פון ווין וועלן אין קורצן עולה זיין קיין ישראל. דאָ איז אונדזער היים, מיר ווילן לעבן צווישן אייגענע...״

מיט פאַרשעמטע אויגן האָט צו מיר גערעדט אַ פּוילישער ייד פון דייטשלאַנד. אין יענעם לאַנד, וואָס זיין פאָלק האָט געבוירן די מערדער פון אונדזער פאָלק, לעבן איצט אַ היפּשע צאָל פּוילישע יידן. גראָד זיינען דאָס אַזעלכע, וועלכע זיינען געפּייניקט געוואָרן פון די נאַציס און ערשט נאָך דער מלחמה האָבן זיי זיך באַזעצט אין דייטשלאַנד. אָט דאָס לאַנד, וואָס איז דורכגעווייקט מיט יידיש בלוט און טרערן, האָבן זיי אויסגעקליבן פאַר זייער נייער היים.

אין בעלגיע, וווּ דער קליינער יידישער ישוב ציילט אַרום 35 טויזנט, איז אויך דאָ אַ גרויסע צאָל פּוילישע יידן. און ווי דאָס איז אומעטום, זיינען זיי אויך זייער אַקטיוו אין גייסט פון פּוילישן יידנטום, וואָס העלפט אויך שטאַרקן יידיש־פאָלקס־לעבן בכלל.

ס׳האָבן זיך אויך באַטייליקט גרעסערע דעלעגאַציעס פון לענדער פון לאַטיין־אַמעריקע: אַרגענטינע, בראַזיל, אורוגוואַי און טשילע. ווי באַוווּסט איז אין יענעם קאָנטינענט, וווּ עס לעבן ביי אַ מיליאָן יידן, אַ פאַרצווייגטער יידישער פאָלקס־לעבן. פון די באַריכטן איז צו זען, אַז אומעטום שפּילן דאָרט אַ וויכטיקע ראָלע פּוילישע יידן.

„ביי אונדז אין אַרגענטינע — האָט באַריכטעט אַ דעלעגאַט פון בוענאָס איירעס — שפּילן די פּוילישע יידן אַ וויכטיקע ראָלע אומעטום. אויב דאָס יידישע לעבן אין אַרגענטינע און אין אַנדערע לענדער אין לאַטיין־אַמעריקע איז געבויט אויף דעמאָקראַטישע יסודות; אויב מיר האָבן גוטע אָרגאַניזירטע קהילות, אַ פיינעם שול־וועזן, פאַרשיידענע גרויסע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אונטערנעמונגען, סעמינאַרן, פאַרלאַגן

און אַ פֿאַרשפּרייטע יידישע פּרעסע — איז דאָס אַלץ צו פֿאַרדאַנקען די ענערגיע און דינאַמיזם פֿון פּוילישע יידן".

אין אַרגענטינע זיינען זיי פֿאַראייניקט אין אַ גרויסן צענטראַלן פֿאַר־באַנד, וואָס פֿירט אָן ברייטע געזעלשאַפֿטלעכע און קולטורעלע טעטי־קייטן. און האָט מיט אַ קורצער צייט צוריק אויסגעבויט אין בוענאָס איירעס אַ גרויס אייגן הויז, ווו עס זענען קאָנצענטרירט אַלע פּוילישע לאַנדס־מאַנשאַפֿטן. דאָס הויז טראָגט דעם נאָמען פֿון באַרימטן היסטאָריקער שמעון דובנאָוו, וועלכער איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס.

מען האָט אויפֿן קאָנגרעס אויך געהערט אַ גרוס פֿון די פּוילישע יידן אין ענגלאַנד, ווו עס לעבן איצט צוזאַמען אַ האַלבער מיליאָן יידן. אויך דאָרט, כאָטש דאָס יידישע פֿאָלקס־לעבן איז אָפּגעשוואַכט צוליב דעם, וואָס אַלע יאָרן קומען נישט אַריין קיין נייע אימיגראַנטן, זיינען פּוילישע יידן זייער אַנזעעוודיק אין יידיש־געזעלשאַפֿטלעכן לעבן.

עס איז כדאי צוצוגעבן נאָך אייניקע וויכטיקע פּרטים וועגן פּוילישע יידן אין אַמעריקע.

אין אַמעריקע, ווו עס לעבן איצט ביי זעקס מיליאָן יידן, אַ קנאַפּע העלפֿט פֿון אונדזער וועלט־פֿאָלק, פֿאַרנעמען פּוילישע יידן אומעטום אַ וויכ־טיקן פּלאַץ אין דער יידישער ליטעראַטור, פּרעסע, טעאַטער, דערציונגס־וועזן, קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע אַקטיוויטעטן, אין די טרעיד־יוניאָנס און אויף אַנדערע געביטן. אין אַלע גרויסע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס פֿון הילפֿס־אַרבעט פֿאַר יידן אומעטום, באַזונדערס פֿאַר מדינת־ישראל, זיינען פּוילישע יידן צווישן די וויכטיקסטע פֿירער און אַקטיווע טוער.

בלויז אין ניו־יאָרק זיינען דאָ ביי 450 לאַנדסמאַנשאַפֿטן־אָרגאַניזאַציעס און סאָסייעטיס פֿון פּוילישע יידן. זיי נעמען אַרום פֿיל צענדליקער טוי־זנטער פּוילישע יידן. אויך די צוויי גרויסע פֿאָלקס־אָרדנס, דער אַרבע־טער־רינג און דער יידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פֿאַרבאַנד, האָבן אין זייערע רייען אַ גרויסע צאָל פּוילישע יידן.

די אָפּטיילונג פֿון דער „וועלט־פֿעדעראַציע פֿון פּוילישע יידן" אין ניו־יאָרק טרעט איצט צו צו וויכטיקע אַקטיווע טעטיקייטן.

אויך אין קאַנאַדע, ווו עס לעבן איבער 200 טויזנט יידן, זיינען פּוילישע

יידן צווישן די אַקטיוויסטע. וועגן דעם אַלץ האָבן דערציילט דעלעגאַטן פון אַמעריקע און קאַנאַדע.

„מיר — האָט געזאָגט אַ דעלעגאַט פון קאַנאַדע — האָבן מיט טריי־שאַפט פאַרוואָרצלט און פאַרשפּרייט דעם גייסט פון פּוילישן יידנטום. הויפּטזעכלעך ווערט דאָס געטאָן דורך די גוט־אָרגאַניזירטע לאַנדסמאַנ־שאַפטן, וואָס טראָגן די נעמען פון אַמאָליקע קהילות אין פּוילישע שטעט. ווען איר קומט אין טאָראָנטאָ אָדער מאָנטרעאָל האָט איר דעם איינדרוק, אַז איר זענט אין אַמאָליקן ראַדאָם, קאַליש, זגערזש, שידלאָוויעץ, אָדער אַן אַנדער שטאָט און שטעטל“.

VII

דעם גייסט פון פּוילישן יידנטום פילט מען אַמשטאַרקסטן אין מדינת ישראל. פון אַמאָליקע צייטן און ביז היינט ברענגט אַריין יעדער נייער שטראָם פון פּוילישע יידן אַ סאַך אויפלעבונג און לייגט זיין שטעמפּל אויפן לעבן אין ישראל. דאָס שליסט איין אויך יידיש.

פון פּוילן זענען געקומען טויזנטער חלוצים־אידעאַליסטן, בויער פון קיבוצים, פון אינדוסטרי און מלאכה און אַרבעט אין אַלע צווייגן, איינ־שליסלעך דאָס טריקענען זומפּן און פלאַסטערן שאָסייען. פּוילישע יידן האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ טרייב־קראַפט אויפן געביט פון עליה. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, נאָכן חורבן, זיינען עולה געווען קרוב 200,000 פּוילישע יידן.

* * *

אין מדינת ישראל זיינען פּוילישע יידן אַ דאָמינירנדער כוח. מיט זייער ענערגיע און אימפּעט האָבן זיי אין דער יידישער מדינה איבערגע־פלאַנצט און פאַרפלאַנצט דעם דערהויבענעם גייסט פון אַמאָליקן יידישן לעבן אין פּוילן. זיי פאַרנעמען איצט די העכסטע פּלעצער אין דער ישראל־רעגירונג, אין דער וויסנשאַפט און טעכניק, אין אַרבעט און בוי פון דער מדינה.

זיי זיינען אויך אויף די העכסטע פּאָזיציעס אין דער ישראל־אַרמיי, זיי צייכענען זיך אויס אַלס העלדישע קעמפער קעגן שונא. מיט די אויס־

געברענטע נומערס אויף זייערע הענט, פון אוישוויץ און פון אַנדערע היטלער־לאַגערן, האָבן פּוילישע יידן אין יאָר 1948 געהאָלפן אויסקעמפן די יידישע מדינה.

צווישן די העלדישע פּאַרטיידיקער פון מדינת ישראל זיינען איצט שוין זין פון געראַטעוועטע פּוילישע יידן. פיל פון זיי האָבן זיך אויסגע־צייכנט אין דער „זעקס טאָגיקער מלחמה". „מיר געדענקען גוט — זאָגן אַזעלכע — די טרויעריקע נומערן אויף די הענט פון אונדזערע טאַטעס און מאַמעס. מיר ווייסן גוט, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט. דאָס האָט אונדז געגעבן אַ לעקציע — מיר וועלן נישט דערלאָזן צו אַ נייעם אוישוויץ"...

* * *

די גרויסע פייערלעכע דערעפענונג פון וועלט־קאָנגרעס פון פּוילישע יידן, וואָס איז איצט פאָרגעקומען אין מדינת ישראל, איז געווען זונטיק דעם 13טן אַפּריל, אין „היכל התרבות" (פּאַלאַץ פון קולטור), אין תל־אביב. צו באַגריסן דעם קאָנגרעס זיינען געקומען העכער דריי טויזנט יידן, איבערהויפּט אָפּשטאַמיקע פון פּוילן.

אַלץ האָט דערמאָנט די אַמאָליקע יידישע מאַסן־פאַרזאַמלונגען אין פאַרמלחמהדיקע וואַרשע, לאָדזש, קראָקע אָדער אַנדערע שטעט אין פּוילן. דעם פאָרזיץ פון דעם אימפּאָזאַנטן אָוונט האָט געפירט אנשל רייס, פון דער „וועלט־פעדעראַציע פון פּוילישע יידן".

„מיר, פּוילישע יידן — האָט רייס ווי אויסגעווינט — טראָגן מיט זיך אַ הייליקע גייסטיקע ירושה, וואָס מוז אָפּגעהיט ווערן ווי אַ טייערער אוצר. דער גרויסער גייסט פון פּוילישן יידנטום, וואָס איז טיף פאַרפלאַנצט געוואָרן אומעטום ווו עס לעבן יידן, מוז פאַרבלייבן אויף אַלע אייביקייטן. לאָמיר שטענדיק געדענקען אונדזערע ברידער און שוועסטער, וועלכע זענען אויף אַזאַ אכזריותדיקן אופן אומגעבראַכט געוואָרן אויף דער פּוילי־שער ערד. לאָמיר פאַראייביקן אַלץ, וואָס דאָס פּוילישע יידנטום האָט גע־שאַפן. אַ שאַנדע אויף די קעפּ פון די איצטיקע הערשער פון קאָמוניסטישן פּוילן, וועלכע באַליידיקן און שענדן דעם גרויסן נאָמען פון פּוילישן יידנטום! מיר וועלן זיי דאָס קיינמאָל נישט מוחל זיין".

דער ערשטער טייל פון אָוונט איז געווען אַ „יזכור" פאַר די אומגע־בראַכטע יידן אין פוילן. דער גרויסער ווילנער יידישער פאָלקס־כאָר פון תל־אביב, האָט געזונגען פּאַסיקע לידער, כמעט אַלע אין יידיש. הרב יצחק ידידיה פרענקעל, איינער פון די פירער פון פוילישע יידן אין ישראל, האָט אויף אַ רירנדן אופן דורכגעפירט די אזכרה. דער אַרבעטס־מיניסטער פון מדינת ישראל, יוסף אלמוגי, אַליין אַ פוילישער ייד פון הרוביעשאָוו, האָט גערעדט צום עולם אין טיף רירנדע ווערטער.

„פוילן פאַרטרייבט איצט דאָס לעצטע ביסל יידן — האָט מיניסטער אַלמוגי געזאָגט — די וואָס זענען פאַרבליבן פון דעם גלאָררייכן פוילישן יידנטום, נאָך דעם היטלער־קאַטאַקליזם. און זיי קומען צו אונדז אין דער יידישער מדינה, ווו מיר נעמען זיי אויף ווי טרייע טאַטע־מאַמע נעמען אויף זייערע וואָגל־קינדער. דאָ, אין מדינת ישראל, וועלן זיי איצט אויפ־בויען זייערע נייע, גליקלעכע און צופרידענע היימען".

* * *

ביז גאָר גערירט איז געווען דער עולם, ווען דריי ספרדישע יינגלעך האָבן אַריינמאַרשירט אויף דער סצענע מיט אַ האַלב־צעריסענער און פאַרברענטער בלוי־ווייסער פאָן, וואָס די העלדישע קעמפער האָבן מיט זיך געהאַט בעתן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. דאָס איז אַ פאָן פון יידישן קאַמף און שטאָלץ, וואָס איז געראַטעוועט געוואָרן קיין ארץ־ישראל. טרויעריקע מוזיק האָט צוגעשפּילט: זאָג נישט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג... דערביי האָבן ליכט־עפעקטן אַרויסגעבראַכט נעמען פון פאַרשידענע אַמאָליקע בליענדע קהילות.

עס קומט אַרויף דער באַרימטער אַרטיסט פון „הבימה", שמעון פינ־קעל, וועלכער שטאַמט פון גראָדנע, און אויף אַ מייסטערהאַפטן אופן רע־ציטירט ער טיילן פון חיים הייפערס „דער פּאַראַד פון די קעמפער" — אַ לויב־געזאַנג פאַר די העלדישע פאַרטיידיקער פון מדינת ישראל בעת דער „זעקס טאָגיקער מלחמה", ווען עס האָט באַגלייט דער גייסט פון די גיבורים־ווידערשטענדלער אין וואַרשעווער געטאָ, ווי אויך פון די באַפרייער פון כותל מערבי.

„דער כותל מערבי געהערט האָט שוין תפילות אַ סך, דער כותל

געזען האָט שוין מויערן פאַלן אין קראַך, דער כותל געפילט האָט די הענט פון פיל קלאָגנדע פרויען, וואָס שטופּן אים קוויטלעך צווישן די שטיינער די גרויע, דער כותל געזען האָט ווי ר׳ יהודה הלוי ווערט נעבן אים איבערגעפאָרן, דער כותל געזען האָט ווי ס׳ווערן געקרויינט און עס פאַלן קיסרים, דער כותל געזען האָט שוין טויזנטער זאַכן אָט ביי די שטיינער, נאָר נישט געזען האָט דער כותל נאָך קיינמאָל קיין קעמפער וואָס וויינען...״

* * *

יעדער פלאַץ אין מדינת ישראל איז אָנגעזאַפּט מיט אַרבעט, שוייס און בלוט פון פּוילישע יידן, און אויך מיטן גייסט פון פּוילישן יידנטום. פּוילישע יידן אין ישראל, אַלט־איינגעזעסענע און ניי־געקומענע, פאַר־נעמען אומעטום וויכטיקע פּאָזיציעס.

אין אַ גרויסער מאָס איז דאָס אַלץ אויך דערפאַר, ווייל פּוילישע יידן אין ישראל זיינען גוט אָרגאַניזירט צווישן זיך, זיי פירן אָן וויכטיקע אַקטיוויטעטן אין אייגענעם גייסט; זיי לאָזן נישט איבעררייסן דעם גאָל־דענעם פאָדים פון פּוילישן יידנטום. הויפּטזעכלעך ווערט דאָס דאָרט גע־טאָן דורך די אומצאָליקע לאַנדסמאַנשאַפטן־אָרגאַניזאַציעס, וואָס פירן כסדר דורך וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע קולטור־אַקטיוויטעטן.

אין אַ גרויסער מאָס איז דאָס דערפאַר, ווייל די הונדערטער לאַנדס־מאַנשאַפטן זיינען אַנגעשלאָסן און פאַראייניקט אַרום דעם „פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן״ (התאחדות עולי פולין בישראל), וואָס איז אויך ענג פאַר־בונדן מיט דער „וועלט־פעדעראַציע פון פּוילישע יידן״. אַ דאַנק דער דאָזיקער צענטראַלע ווערט אויך אָנגעפירט אַ ברייטע פאַראייניקטע הילפס־אַרבעט פאַר פּוילישע יידן.

דאָס ווערט געטאָן דורך אַ ספּעציעלער קליטה־אָפּטיילונג ביים פאַר־באַנד פון די פּוילישע יידן. די דאָזיקע אָפּטיילונג ווערט אָנגעפירט פון אַ ספּעציעלן קאָמיטעט, וואָס איז אונטער דער לייטונג פון פרוי מעליע ראָטענשטרייך, די טאָכטער פון באַוווּסטן יידישן זשורנאַליסט משה פּראַסטיק.

די קליטה־אָפּטיילונג העלפט מיט באַזאָרגן וווינונגען, שאַפן פאַסיקע

אַרבעט, פאַך־אויסבילדונג, יורידישע און מעדיצינישע הילף, געלט־שטיצע און ענלעכעס. עס ווערט אויך פיל געטאָן צו העלפן אלמנות און יתומים פון פוילישע יידן, עלטערע מענטשן, אינוואַלידן; מען העלפט חתונה מאַכן קינדער פון נייע עולים, מען גיט סטיפּענדיעס צו שילער... —

ביים פאַרבאַנד איז אויך דאָ אַ ליי־קאַסע, וואָס גיט אַרויס צו לאַנדס־לייט גרעסערע הלוואות אָן פּראָצענט, און דאָס איז פון וויכטיקער באַדיי־טונג. די ליי־קאַסע אַרבעט מיט אַ קאַפּיטאַל פון אַ האַלבן מיליאָן ישראל־פונט. ביז איצט האָט די קאַסע שוין אַרויסגעגעבן איבער זיבן טויזנט הלוואות, אויף דער סומע פון העכער פיר מיליאָן פונט. אָט די ענגע אָרגאַניזאַציאָנעלע צוזאַמענאַרבעט און גרויסע הילפס־גרייטקייט העלפן נאָך מער שטאַרקן און פאַרפעסטיקן די גרויסע פאַרבינדונג ביי די הונ־דערטער טויזנטער פוילישע יידן אין מדינת ישראל.

* * *

דער פאַרבאַנד און די לאַנדסמאַנשאַפטן אין ישראל זיינען פון די ערשטע און ענערגישסטע צו פאַראייביקן אויף אַ פּאַסיקן אופן דעם זכר פונעם פוילישן יידנטום.

די מערסטע לאַנדסמאַנשאַפטן האָבן אַרויסגעגעבן הונדערטער וויר־דיקע יזכור־ביכער, געווידמעט דעם לעבן און אומקום פון די יידן אין זייערע אַמאָליקע שטעט און שטעטלעך אין פוילן.

אויפן הר־ציון אין ירושלים האָבן זיי אויפגעשטעלט הונדערטער סימבאָלישע מצבות, געווידמעט די פאַרניכטעטע קהילות. אין ישראל ווערן אויך נאָכאַנאַנד פאַרפלאַנצטביימער און גאַנצע וועלדער צום אָנדענק פון די קהילות.

אין מדינת ישראל פירט זיך, אַז שולעס אַדאָפּטירן דעם זכר פון אַמאָליקע שטעט און שטעטלעך אין פוילן, רוסלאַנד, רומעניע און אַנדערע, ווו עס האָבן געלעבט און געשאַפן יידן. די געגעבענע שולע האָט „איר" שטאָט צי שטעטל, וועמענס געשיכטע ווערט שטודירט דורך די תלמידים און וועמענס אָנדענק עס ווערט דורך זיי געערט. עס גייט און שאַפט זיך אַ הערלעכע טראַדיציע פון אידענטיפיקאַציע צווישן דעם יונגן דור אין ישראל מיטן שאַפן און ליידן פון דעם גלות־יידנטום.

אויפן קאָנגרעס זיינען אויך באַהאַנדלט געוואָרן די פּראָבלעמען, וואָס פּוילישע יידן האָבן איצט אין פאַרשיידענע לענדער. הויפּטזעכלעך איז דאָס איצט פאַרבונדן מיט דעם יונגן דור, ווי אויך מיט די געפאַרן וואָס לויערן, בכלל אויף יידן אין געוויסע ערטער.

אַ פּראָמינענטן אָרט אין די אָפּהאַנדלונגען האָט פאַרנומען די עליה און, בכלל, דער קשר מיט מדינת ישראל.

„פון זינט עס איז אַנטשטאַנען מדינת ישראל — האָט געזאָגט אַ דע־לעגאַט פון לאַטיין־אַמעריקע — האָבן מיר גאָר אַן אַנדערן ווערט און אָנזען ביי דער אַרומיקער באַפעלקערונג. מען קוקט אויף אונדז מיט ווירדע, מען האָט פאַר אונדז גרויס דרך ארץ. אויב, חלילה, מדינת ישראל וואָלט נישט אַרויס זיגרייך אין דער „זעקס טאָגיקער מלחמה", וואָלטן מיר אויך צעשטויבט און צעריבן געוואָרן. מיר וואָלטן איצט נישט געהאַט, אַלס יידן, קיין שום ווערט..."

אַ דעלעגאַט פון בוענאָס איירעס האָט דערציילט, אַז מיט אַ צייט צוריק האָבן די יידישע קאָמוניסטן נאָך געהאַט אַן איינפלוס צווישן די פּוילישע יידן אין אַרגענטינע. שפּעטער זיינען זיי געוואָרן אַ ביסל שוואַ־כער. אָבער נאָך דער „זעקס טאָגיקער מלחמה" זיינען די מערסטע יידישע קאָמוניסטן אַוועק פון יענע רייען. איצט זיינען זיי אַקטיוו אין די יידיש־נאַציאָנאַלע לאַנדסמאַנשאַפטן פון פּוילישע יידן. ענלעכעס האָט מען אויך געהערט פון דעלעגאַטן פון פאַרשיידענע אַנדערע לענדער.

געוויסע דעלעגאַטן האָבן אין זייערע באַריכטן אַרויסגעבראַכט די זאָרג איבער דער שוואַכער פאַרבינדונג פון פּוילישע יידן מיט זייערע דערוואַקסענע קינדער. מען האָט געהערט וועגן דער אַסימילאַציע, וואָס רייסט שטיקער פון יידישן לעבן, און אויך טראַגישע פאַקטן וועגן גע־מישטע חתונות. „מיר ווייסן — האָט איין דעלעגאַט געזאָגט — אַז דאָס איז אַן אַלגעמיינער פּלאָג, אָבער דאָס איז אַ קנאַפּער טרייסט פאַר אונדז, פּוילישע יידן.

געוועזן דעלעגאַטן, וואָס האָבן געטענה'ט, אַז טאַטע־מאַמע זיינען אַליין אין דעם שולדיק. מען האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון לערנען די קינדער

יידישע געשיכטע, תנ״ך, יידיש, העברעיש און ענגלעכעס. אַנדערע האָבן ווייניק צוגעבונדן זייערע קינדער צו מדינת ישראל. עס איז דעריבער קיין וווּנדער נישט, אַז פיל פון דעם יונגן דור ווייסן ווייניק וועגן יידישקייט.

די דעלעגאַטן האָבן ארויסגעלאָזט אַ דרינגענדן רוף צו די פוילישע יידן אומעטום. „לאָמיר ראַטעווען אונדזערע קינדער — זאָגט זיך אין דעם רוף — דורך געבן זיי אַ יידיש־נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע דער־ציִונג, דורך צובינדן זיי צו יידישקייט און יידישע ווערטן, און דורך פאַר־בינדן זיי אויף אַן ענגן אופן מיט מדינת ישראל! לאָמיר דאָס טאָן מיט אַלע אָנשטרענגונגען, כל זמן עס איז נישט שפּעט!״

אין דער דאָזיקער דראַמאַטישער דעבאַטע אויפן קאָנגרעס האָט מען אויך געהערט די הויכע שטימע פון ישראל־דעלעגאַטן.

„עס איז גוט — האָט איינער פון זיי געזאָגט — וואָס פוילישע יידן האַלטן אומעטום דעם גייסט און די ווערטן פון פוילישן יידנטום. אָבער דאָס איז נישט אַלץ. מיר, אין ישראל, ווילן, אַז פוילישע יידן זאָלן קומען צו אונדז אין לאַנד, לעבן און שאַפן און קעמפן מיט אונדז צוזאַמען״.

מען האָט כסדר געהערט אַ רוף, אַז פוילישע יידן גלייך מיט אַנדערע און מער פון זיי, זאָלן קומען זיך באַזעצן אין מדינת ישראל. „אויב יידן אין דער וועלט וועלן דאָס נישט פאַרשטיין — האָט אויסגערופן אַ פּוי־לישער ייד פון חיפה — וועט, חלילה, גייסטיק אומקומען דאָס יידישע פאָלק, און צוזאַמען מיט דעם וועט שטיין אין געפאַר מדינת ישראל. ישראל קען חלילה, נישט עקזיסטירן אויב וואָס מער יידן וועלן נישט אַהערקומען. און יידישע ישובים איבער דער וועלט וועלן נישט עקזיס־טירן, אויב עס וועט נישט זיין געזיכערט מדינת ישראל״.

„קומט אַלע — האָט געזאָגט אַ צווייטער, פון תל־אביב — קומט עלטערע, יונגערע, קינדער, מיר וועלן אייך העלפן דאָ אין ישראל. ווען מיר זיינען געקומען קיין ישראל האָבן מיר געוווּסט, אַז מיר וועלן נישט האָבן קיין שלום מיט די אַרומיקע שכנים. אויב אָבער מיר וועלן דאָ זיין גרויס און שטאַרק, וועלן מיר געוויס האָבן שלום...״

אינזש. אַנשל רייס, וועטעראַן פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, פאָרזיצער פון דער „וועלט־פעדעראַציע פון פוילישע ייִדן", האָט געשפּילט אַ גאָר וויכטיקע ראָלע ביי דעם איצטיקן קאָנגרעס.

אין זיינע רעדעס אויפן קאָנגרעס, האָט א. רייס געשילדערט די געשיכטע פון פוילישן יידנטום, וואָס פאַרנעמט דעם אויבן־אָן אין דער געשיכטע פון גאַנצן מזרח־אייראָפּעישן יידנטום, און גאָר אַ בכבודיקן פּלאַץ אין דער יידישער געשיכטע, בכלל.

„פוילישע יידנטום מיינט קנאַפּע טויזנט יאָר פון לעבן און שאַפן, פון איין זייט, און פאַרפאָלגונגען, דערנידערונג, רעכטלאָזיקייט, חורבן און פאַרוויסטונג — פון דער צווייטער זעט. דאָס איז די געשיכטע פון אַ ביטערן געראַנגל און אַן אומאויפהערלעכער קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע, מענטשלעכע און בירגערלעכע רעכט — אַ קאַמף פאַר מענטשלעכן כבוד".

„איינע פון די הויפט־אויפגאַבן פון פוילישע יידן, זאָגט רייס, איז צו פאַראייביקן דאָס וואונדערלעכע קאַפּיטל פון פוילישן יידנטום. פון אָנהויב, זינט זיין אַנטשטייאונג, ביזן טראַגישן סוף ביי היטלערן. מיר מוזן צונויפזאַמלען, פאָרשן און אָפּהיטן אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיטן אויפבלי, לעבן און אונטערגאַנג פון פוילישן יידנטום. מיר מוזן דאָס פאַראייביקן פאַר זיך און פאַר די קומענדיקע דורות.

ביי דעם וועלט־צוזאַמענפאָר אין תל־אביב איז אויך אַרויסגעבראַכט געוואָרן לויב און אָנערקענונג פאַר פוילישע יידן אומעטום, פאַר זייער איבערגעגעבנקייט צו מדינת ישראל.

„מיר, פוילישע יידן — האָט געזאָגט אַ דעלעגאַט פון תל־אביב — האָבן מיט אונדזער חלוציזם, איניציאַטיוו און אָנשטרענגונגען געהאָלפן אויסטרעטן דעם וועג פון דער יידישער מדינה. מיר זענען מיט דעם שטאָלץ. גלייך אַזוי שטאָלצירן מיר מיט דעם, וואָס פוילישע יידן, אומעטום אין דער וועלט, העלפן מדינת ישראל. געבענטשט זאָלן זיין זייערע הענט!"

אַנדערע דעלעגאַטן פון ישראל האָבן געפאָדערט מער: „מיר ווילן, אַז וואָס מער פוילישע יידן זאָלן עולה זיין אָדער, לפּחות, שיקן זייערע

קינדער קיין ישראל, דאָ צו לעבן און שאַפן. דאָס וועט פיל פון זיי אויך ראַטעווען פון יידיש־נאַציאָנאַלן און גייסטיקן אונטערגאַנג".

IX

ביים סוף פון קאָנגרעס זיינען אָנגענומען געוואָרן וויכטיקע באַשלוסן און רעזאָלוציעס פון גרויסער באַדייטונג פאַר פוילישע יידן אומעטום. די 150 דעלעגאַטן, פון 14 לענדער, האָבן דורך דעם אויך מאַניפעסטירט דעם ווילן און גרייטקייט פון הונדערטער טויזנטער פוילישע יידן.

עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ שאַרפע רעזאָלוציע קעגן דער איצטי־קער קאָמוניסטישער רעגירונג אין פוילן פאַר איר צעיושעטער אַנטיסע־מיטישער פאָליטיק, פאַר אָפּווישן און ליקווידירן דאָס לעצט ביסל יידיש לעבן אין לאַנד און פאַר דער וויסטער און ווילדער העצע קעגן מדינת ישראל.

גלייכצייטיק איז אָנגענומען געוואָרן אַ פּראָטעסט קעגן די הערשער פון מאָסקווע פאַר אונטערדריקן און דיסקרימינירן דאָס יידישע לעבן אין סאָוועט־רוסלאַנד.

עס איז אויך אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וואָס פאָדערט ביי די רעגירונגען פון מערב און מזרח־דייטשלאַנד, אַז דאָרטן זאָל אויסגע־ראָטן ווערן יעדער שפּור פון נעאָ־נאַציזם. ס'איז אויך אויסגעדריקט געוואָרן פּראָטעסט און פאַרדאַמונג קעגן די אויפלעבונג פון נעאָ־נאַציזם, אַנטיסעמיטיזם און ראַסיזם אין פאַרשיידענע אַנדערע לענדער. די רעזאָ־לוציע רופט יידן אומעטום צו כסדרדיקער וואַכזאַמקייט.

אַ ספּעציעלע ווענדונג איז איבערגעשיקט געוואָרן צו דער רעגירונג פון מערב־דייטשלאַנד, פון וועלכער עס ווערט געפאָדערט, צו זאָרגן דער־פאַר, אַז יידן פון פוילן און אַנדערע לענדער, זאָלן באַקומען זייערע גע־רעכטע אַנטשעדיקונגען פאַר זייערע ליידן און פּיין ביי די נאַציס.

אין אַ ספּעציעלער רעזאָלוציע איז געוואָרן אויסגעדריקט באַוווּנדע־רונג און אָנערקענונג פאַר די בויער, אָפּהיטער און פאַרטיידיקער פון מדינת ישראל. דערביי איז געמאַכט געוואָרן אַ דרינגנדער רוף צו אַלע פוילישע יידן אין דער גאָרער וועלט, נאָך מער צו פאַרשטאַרקן און פאַר־

גרעסערן די הילף פאַר דער יידישער מדינה. עס ווערט אויך געררופן, אַז פּוילישע יידן זאָלן קומען זיך באַזעצן אין ישראל, אָדער לפּחות שיקן זייערע דערוואַקסענע קינדער.

אַן אַנדער רעזאָלוציע רופט פּוילישע יידן פאַרשטאַרקן און פאַר־פעסטיקן יידיש לעבן אומעטום ווו זיי לעבן.

עס איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז די אַקטיוויטעטן פון פּוילישע יידן, דורך זייערע לאַנדסמאַנשאַפטן, דאַרפן כסדר פאַרשטאַרקט און אויסגע־ברייטערט ווערן. דאָס דאַרף באַזונדערס געטאָן ווערן אין ענגער צוזאַ־מענאַרבעט מיט די פאַרבאַנד־אָפּטיילונגען פון דער „וועלט־פעדעראַציע פון פּוילישע יידן". אין יענע לענדער, ווו אַזעלכע אָפּטיילונגען זענען נישטאָ, דאַרף דאָס געטאָן ווערן אין פאַרבינדונג מיט דער הויפּט־עקזע־קוטיווע פון דער וועלט־פעדעראַציע.

די דעלעגאַטן האָבן אויסגעדריקט די פאָדערונג, אַז די „וועלט־פעדע־ראַציע" זאָל אַריינגענומען ווערן, אין נאָמען פון פּוילישע יידן איבער דער וועלט, אין דער „מעמאָריאַל־קאָנפערענץ", וואָס איז איצט אויפן פּלאַץ פון דער „פריערדיקער „יידישער קליימס־קאָנפערענץ".

דער קאָנגרעס האָט אויך באַשלאָסן צו מאָנען באַרעכטיקטע אַנט־שעדיקונג פון דער פּוילישער רעגירונג אין וואַרשע. דאָס וועט אין קורצן אונטערגענומען ווערן, אויף אַ געהעריקן יורידישן וועג, דורך דער עקזעקוטיווע פון דער „וועלט־פעדעראַציע פון פּוילישע יידן".

די אויבנדערמאָנטע און אַלע אַנדערע רעזאָלוציעס, זענען ביים סוף פון וועלט־צוזאַמענפאַר אַריינגעבראַכט און פאַרגעשלאָגן געוואָרן פון י. ריטאָוו, באַוווּסטער פירער פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן, איינער פון די פירער פון דער „וועלט־פעדע־ראַציע פון פּוילישע יידן".

„דאָס איז אַ פאַרמעגן" — האָט י. ריטאָוו צוגעגעבן — „וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט יידישער האַרעוואַניע און שאַפונג, און אויך מיט יידיש בלוט און טרערן. דאָס געהערט איצט צו די פאַרבליבענע רעשטלעך פּוי־לישע יידן, און דער באַרעכטיקטער יורש איז די „וועלט־פעדעראַציע פון פּוילישע יידן", וואָס רעפּרעזענטירט די פּוילישע יידן אין זייער צע־

שפּרייטקייט. מיר טאָרן נישט דערלאָזן, אַז דאָס אַלץ זאָל בלייבן, אַן געהעריקע אָנטשעדיקונג, אין די הענט פון דער פּוילישער רעגירונג״.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאָדערן אויף אַן ענערגישן אופן, אַז די הערשער פון וואַרשע זאָלן אַרויסגעבן די אַרכיוון, ווי בכלל אַלע היסטאָרישע מאַטעריאַלן וועגן יידישן חורבן אין פּוילן, וואָס די פּוילישע רעגירונג האָט לעצטנס פאַרכאַפּט פון דעם ליקווידירטן יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט.

אַ גאַר וויכטיקן פּלאַץ אויפן קאָנגרעס האָט פאַרנומען די פראַגע, ווי אַזוי אויף דעם בעסטן אופן צו פאַראייביקן דאָס פאַרשניטענע פּוילישע יידנטום. וועגן דעם האָט רעפערירט צבי קלעמענטינאָווסקי, געוועזענער לעצטער פאָרזיצער פון קהילה־ראָט אין ביאַליסטאָק.

„דאָס גרויסע קאַפּיטל פון יידן אין פּוילן״ — האָט ער געזאָגט — איז פאַרענדיקט. און אויב היטלערן איז נישט געלונגען דורכצופירן די „ענדגילטיקע לייזונג״ ביז צום סאַמע סוף, פּרוּוון דאָס צו טאָן די איצטיקע הערשער פון פּוילן. מיר, אָבער, די פאַרבליבענע פּוילישע יידן אין דער וועלט, טאָרן נישט פאַרגעסן אונדזער גרויסע געשיכטע און גייסטיקע ירושה. מיר מוזן פאַראייביקן דעם אָנדענק פון פאַרשניטענעם פּוילישן יידנטום לדור־דורות, אויף פאַרשידענע אופנים — אין מדינת ישראל, וואָס איז דער צענטער פון יידישן פאָלק״.

נאָך מיט אַ צייט צוריק, האָט די „וועלט־פעדעראַציע פון פּוילישע יידן״ באַשלאָסן אויסצובויען אין תל־אביב אַ גרויסן „בית יהדות פולין״ (הויז פון פּוילישן יידנטום), אַלס מאָנומענט און גלייכצייטיק לעבעדיקע אינסטיטוציע. די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט פאַר דעם צוועק באַשטימט אַ ספּעציעלן פּלאַץ.

דער גרונטשטיין פאַר דעם „בית יהדות פולין״, וואָס וועט קאָסטן ווייט איבער אַ מיליאָן דאָלאַר, איז געלייגט געוואָרן מיט אַ קורצער צייט צוריק. דאָס הויז וועט אויפגעשטעלט ווערן מיט דער הילף פון לאַנדסמאַנשאַפטן אין ישראל און אין דער וועלט. דאָס אַלץ ווערט געטאָן דורך דער „וועלט־פעדעראַציע״.

אַן אַקטיוון אָנטייל אין העלפן בויען דאָס „בית יהדות פולין״, נעמען

אויך לאַנדסמאַנשאַפטן פון פוילישע יידן אין אַמעריקע, אונטער דער אָנ־פירונג פון ישראל סטאָלאַרסקי.

אינזש. רייס האָט ביים סוף פון קאָנגרעס גערופן צו פאַרשטאַרקן אַלע אַקטיוויטעטן אין גייסט פון פוילישן יידנטום. ער האָט אויך גערופן צו העלפן מיט אַלע מיטלען אויסצובויען דעם „בית יהדות פולין", וואָס וועט זיין אַ ווירדיקער מאָנומענט פאַר דעם פאַרשניטענעם יידנטום און אַ לעבעדיקע צענטראַלע און קולטור־געזעלשאַפטלעכע היים פאַר פוילישע יידן אומעטום.

אינזש. יצחק אילון

# בית יהדות פולין אין תל־אביב

פעלקער אויף דער וועלט ווייסן צו באַערן און פאַראייביקן דעם אָנ־דענק פון גרויסע מענער, העלדן, גרויסע קינסטלער און שריפטשטעלער, ווי אויך גרויסע געשיכטלעכע טאַטן און געשעענישן, און צו דעם צוועק שטעלן זיי אויף פאַנטעאָנען — מאָנומענטאַלע געביידעס.

דאָס פוילישע יידנטום, דער גרעסטער און שעפערישסטער פון אַלע אָנ־דערע יידישע ישובים, האָט אין משך פון זיין טויזנט־יאָריקער געשיכטע אויף דער פוילישער ערד געשאַפן אַן אומדערשעפּלעכן אוצר פון גייסטיקע און קולטורעלע ווערטן, וואָס זייער גרויסן אומפאַנג איז שווער אָפּצושאַצן. דאָס דאָזיקע יידנטום האָט הייליק פאַרדינט מען זאָל אים באַערן מיט אַ יידישן פאַנטעאָן אין ישראל.

יידישע דענקער און שרייבער אין פוילן, יידישע קינסטלער און גע־לערנטע אויף אַלע געביטן פון וויסנשאַפט, גרויסע רבנים און לערער — האָבן אין משך פון דורות געשאַפן דאָס גרויסע גייסטיקע רייכטום, וואָס קען חלילה פאַרלוירן און פאַרגעסן ווערן...

צו דאַרף מען דען דערמאָנען די אַנדערע שאַפונגס־געביטן פון דעם אַמאָל אַזוי ברויזנדיקן יידישן קיבוץ אין פוילן? דאַרף מען דערמאָנען די יידישע פּרעסע אין וואַרשע, וואָס איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן אין דער דערציונג פון יידן צום נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין? דער־מאָנען דעם אויפשוווּנג פון ציוניזם אין פוילן און די גרויסע יוגנט און חלוצישע באַוועגונג, וואָס ער האָט געשאַפן? דאָס אָרגאַניזירטע פויליש־געזעלשאַפטלעך לעבן? די יידישע אויטאָנאָמע קהילות, מיט אַלע נוי־טיקע אינסטרומענטן פון אַ פּאָליטישן אָרגאַניזם? דאַרף מען ווייטער דערמאָנען די גרויסע נעץ פון העברעישע און יידישע שולן („תרבות", „ציש"אָ" און „שולקולט") מיט זייער הויכן פּעדאַגאָגישן סטאַנדאַרט? די דערגרייכונגען אויפן עקאָנאָמישן געביט, איינשליסלעך די פאַרצווייגטע

קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג? די גרויסע האַנטווערקער־ און סוחרים־אָרגאַ־
ניזאַציעס? די יידישע ספּאָרט־באַוועגונג „מכבי" און „הפּועל"? די אַלע
קינסטלער און מאָלערס, סקולפּטאָרן, מוזיקער, חזנים, גרויסע יידישע
דאָקטוירים און יוריסטן — און אחרון אחרון — די שטאָלצע, קעמפע־
רישע פּאָליטישע רעפּרעזענטאַנץ אין פּוילישן פּאַרלאַמענט (סיים און
סענאַט)?

דאָס אַלץ איז פאַרשווונדן, פאַרניכטעט געוואָרן מיט דעם פאָלק פון
העכער דריי מיליאָן יידן...

* * *

עס יאָגן אונדז די שרעקלעכע זכרונות פון דעם אומקום, די „אַק־
ציעס", די דעפּאָרטאַציעס, לאַגערן, גאַז־קאַמערן, קרעמאַטאָריומס...

און אינצווישן — דער העראָישער געראַנגל צו אָרגאַניזירן, ווי עס
זאָל נישט זיין, דאָס לעבן אין געטאָס, די זעלבסט־הילף, דאָס לעגענדאָרע
העלדנטום פון יידישע קינדער, און צום סוף — דער שטאָלצער אויפ־
שטאַנד אין געטאָ פון וואַרשע, ביאַליסטאָק און אַנדערע, וואָס איז דורכ־
געפירט געוואָרן דורך דער יידישער יוגנט, מיט אַ העלדישן אומבאַשרייב־
לעכן מוט, וואָס האָט נישט זיין גלייכן אין דער געשיכטע...

דער אָנדענק מוז פאַראייביקט ווערן דורך דאָקומענטן, שריפטן, ביל־
דער, ביכער, תשמישי־קדושה א.אז.וו. א.אז.וו., וואָס דאַרפן געזאַמלט
און קאָנצענטרירט ווערן אין דעם הויז פון פּוילישע יידן אין תל־אביב!
דער קאָנגרעס וואָס איז פאָרגעקומען אין אַפּריל ד. י. אין ישראל, האָט
אָנגענומען דעם פאָלגנדן פייערלעכן באַשלוס: „דער קאָנגרעס זאָגט אַרויס
זיין צופרידנקייט מיט אַלע געמאַכטע הכנות צום אויפריכטן דעם בית
יהדות פולין אין תל־אביב און שטאַרקט די הענט פון דער נייער לייטונג
פאַרצווזעצן אין שנעלן טעמפּאָ די אַרבעט ביזן פאַרענדיקן דעם אויפבוי
פונעם הויז"...

וואָס אַנבעלאַנגט דאָס הויז גופא: די פעדעראַציע האָט איבערגעגעבן
דאָס פּראָיעקטירן פון דעם הויז איינעם פון די באַקאַנטסטע אַרכיטעקטן
אין לאַנד, ה' י. לאַטאַן. דאָס הויז וועט באַשטיין פון 2 טיילן: דער מאָנו־
מענטאַלער הויפּט־פליגל וועט אַנטהאַלטן אַ גרויסן עפנטלעכן זאַל, אַ צענ־

טראַלע ביבליאָטעק, דעם זאַל פון מוזעאום פאַר די אויבן־דערמאָנטע מאַטעריאַלן. דאָס וועט אויך זיין דער פאָרשונגס־אינסטיטוט פון דער יידישער געשיכטע אין פוילן. אין דעם אַריינגאַנגס־זאַל פון דעם טייל פון הויז וועט געגעבן ווערן אַן אַרכיטעקטאָניש־סימבאָלישער אויסדרוק פון דעם געשטאַלט פון פוילישן יידנטום.

דער צווייטער טייל פון הויז וועט זיין געווידמעט דער „וועלט־פעדעראַציע", דער „התאחדות עולי פולין" און די איינצלנע לאַנדסמאַנ־שאַפטן, זייערע סעקרעטאַריאַטן און ביוראָס. דער דאָזיקער פליגל, וועט האָבן אַ באַזונדערן אַריינגאַנג.

אונדזער אַלעמענס פליכט איז צו רעאַליזירן ווי אַמשנעלסטן דעם גרויסן פראָיעקט, וואָס מוז איצט ווערן אונדזער טאָג־טעגלעכע זאָרג און מי. די קאָנקרעטע אויפגאַבע אונדזערע איז אַלזאָ:

1) צו זאַמלען אומעטום אַלע פאַרבליבענע שריפט־מאַטעריאַלן, דאָ־קומענטן, בריוו, בילדער, ביכער, ווערט־זאַכן און ד.גל. פון אַלע תקופות פון יידישער געשיכטע אין פוילן;

2) צו שאַפן געלטער פאַרן בוי פון דעם הויז און פאַרפליכטן אַלע לאַנדסמאַנשאַפטן און אָרגאַניזאַציעס מיטצוהעלפן דעם בוי־פאָנד, מיטן אַוועק וואָס שנעלער אויפצובויען דאָס הויז.

לאָמיר, אַלזאָ, אַלע אינאיינעם, שאַפן דאָס וויכטיקע און גרויסע ווערק צום זכר און כבוד פון פוילישן יידנטום!

אַרכיטעקט י. לאָטאָן

# בית יהדות פולין

אַ געזעלשאַפטלעכער בנין, וואָס זאָל זיין ווערט זיין נאָמען, מוז ענט־פערן אויף די פאָלגנדע צילן: 1) פונקציאָנאַלער אינהאַלט; 2) קלאָרער און צוועקמעסיקער פּלאַן; 3) אויסערלעכער געשטאַלט, וואָס זאָל ענטפערן דעם אינהאַלט.

למשל, ווען מיר קוקן אויף אַ שול אָדער אַ שטאָט־ראַט, דאַרף דאָס אויסערלעכע אויסזען איבערלאָזן אויף אונדז אַן איינדרוק, אַז מיר האָבן באמת געזען אַ שול אָדער אַ שטאָט־ראַט. נאָכמער איז דאָס וויכטיק לגבי געזעלשאַפטלעכע געביידעס פון אַ גאָר ספּעציפישן כאַראַקטער, געביידעס וועלכע זיינען באַרופן צו לאָזן אַריינדרינגען אַ געוויסע אידעע אין אונ־דזער האַרץ, אַרויסצורופן אין אונדז אַ באַשטימטע שטימונג און אַ באַזונ־דערן איינדרוק. צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע געביידעס געהערן מאָנו־מענטן, דענקמעלער, ספּעציפישע מוזעאומס און ד.גל.

„בית יהדות פולין" געהערט צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע. דאָס געשטאַלט פון דער דאָזיקער געביידע דאַרף אַרויסרופן אַסאָציאַציעס, פאַרבונדענע מיטן פוילישן יידנטום, מיט דער רייכער פאַרגאַנגענהייט, זיין חורבן, ווי אויך זיין ירושה פאַר די צוקונפטיקע דורות.

אָבער וואָס איז דער אימאַזש פונעם פוילישן יידנטום? וואָס זענען זיינע ספּעציפישע ווערטן, וועלכע מען זאָל קענען פּלאַסטיש אויסדריקן אין דער געביידע און אַזוי אַרום פאַראייביקן זיי פאַר די וויטערדיקע דורות, וועלכע האָבן זיי נישט געקענט?

עס שיינט מיר, אַז יעדער פאַרזוך צו פאָרמולירן דעם קווינטעסענץ פון טויזנט יאָר יידישע געשיכטע אין פוילן מיט אַלע אירע דערגריי־כונגען אין וויסנשאַפט, קולטור, אינדוסטריע און אַלע אַנדערע לעבנס־געביטן, פאָרמולירן אין איין צענטראַלער אידעע, וואָס זאָל געפינען קינסטלערישן אויסדרוק אין דער געביידע — לאָזט זיך גאָרנישט פאַר־ווירקלעכן.

אין מיין פּראָיעקט האָב איך פּרובירט צו לעזן דאָס פּראָבלעם אויף אַן אַנדער שטייגער. לויט דעם פּראָגראַם, וואָס האָט געלייטעט דעם עצם בוי־פּראָיעקט, דאַרפן זיין צימערן פאַר דער „פעדעראַציע", פאַר לאַנדס־מאַנשאַפטן, סטודיעס, ווי אויך זאַלן פאַר אַלגעמיינע צילן, ווי דער „שואה־מוזעאום", אַלגעמיינער מוזעאום, ביבליאָטעק און פאַרזאַמלונגען.

אַלזאָ, מיר האָבן דאָ צוויי טיילן מיט פאַרשיידענע צוועקן. איינער אַ בלויז אַדמיניסטראַטיווער, און איינער פון אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער, וואָס אין אים דאַרף זיך אויסדריקן די אייגנאַרטיקייט פון דעם בנין. אַנט־שפּרעכנד צו דעם וועט די געביידע באַשטיין פון צוויי סטרוקטורן, וועלכע וועלן זיין צווישן זיך פאַרבונדן מיט טרעפּ און ווינדעס. — איין טייל וועט פאַרנעמען דריי שטאָק און וועט זיין באַוווינט פון לאַנדסמאַנשאַפטן, און דער צווייטער, אַ העכערער, וועט טראָגן אַ באַזונדערן אַרכיטעקטאָנישן סטיל. עס וועלן געבויט ווערן הויכע זאַלן, „יזכור"־זאַלן, געשניצטע, גע־קאַרבטע און באַדעקט מיט געקריצטן שריפט — די דערציילונג פונעם פוילישן יידנטום. — דער דאָזיקער טייל פון דער געביידע איז געווענדעט צו צוויי גאַסן און אַן אָפענעם פּלאַץ אַזוי, אַז נאָך פונדרויסן וועט יעדער איינער קענען אויפנעמען און באַגרייפן דעם אינהאַלט, נאָך איידער ער וועט אַריין אינעווייניק.

דאָס איז אַ שווערע קינסטלערישע אויפגאַבע, אָבער איך גלויב, אַז עס וועט אונדז געלינגען צו געפינען די קינסטלער, וועלכע וועלן זי בייקומען.

יעדער, וואָס וועט באַזוכן דעם דאָזיקן טייל פון „בית יהדות פולין", וועט קודם אַריינקומען אין גאָר אַ ברייטן און זייער הויכן האָל, פון דאַנען לאָזט זיך אַראָפּנידערן צום מוזעאום פון דער שואה, אָדער אַרויפצושטייגן צום אַלגעמיינעם מוזעאום, וואָס וועט זיין געבויט אויף פּלעכעס פון פאַר־שיידענער הייך, געבונדן צווישן זיך מיט דער הילף פון לייכטע ראַמפּעס. — דער באַזוכער וועט קענען לאַנגזאַם באַטראַכטן די מוזעאַלע אויסשטע־לונגען, און מאַכנדיק אַ פולן קרייז וועט ער צוקומען צום גרויסן פאַר־זאַמלונגס־זאַל, צו וועלכן מען וועט, אגב, קענען צוקומען אויך מיט דער הילף פון טרעפּ אָדער ווינדעס.

# בית יהדות פולין




מראה מבפנים — אויסזען פון אינעווייניק

